# קינד אָן קייט

## מוישע נאדיר




צייכענונגען :
לואי בונין

פ אַ ר ל אַ ג
אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן
80 פינפטע עוועניו, ניו יאָרק.
דעצעמבער, 1936



## ערשטנס, שרייב איך „קינדער:

אַלס אַ אינגל פלעג איך ליב האָבן קוקן אַנדערע קינדער אין די אויגן אַריין צו זען, ווער עס וועט פריער לאַכן. ביז היינט נאָך האָב איך ליב קוקן מענטשן אין די אויגן אַריין, אָבער ניט צו זען ווער עס וועט פריער לאַכן, נאָר קעדיי פון דאָרט אַרויסצולייענען זייערע ליידן און פריידן.

אַז מיר וועלן אַלע זיין „קינדער אָן קייטן", דאָס הייסט— ווען די קייטן פון נויט, שקלאַפעריי און ראַסנהאַס וועלן זיין אָפּגעבראָכן פון אונדזערע הענט, דעמאָלט וועט דאָס געלעכטער און די פרייד, וועלכע האָט זיך אָפּגעטאָן פון דער וועלט, צוריק אומקערן, און אַרבעט וועט זיין — ניט קיין קלאָלע — נאָר אַ בראָכע, און יעדער מענטש וועט יעדן מענטשן זיין אַ כאַווער, אַ ברודער, אַ מיט־העלפער. מענטשן וועלן זיך איינער מיטן אַנדערן פרייען, ווייל וואָס קאָן נאָך זיין נענטער און בעסער ווי אַ מענטש ?

דערווייל איז נאָך דאָ אַ סאַך צו טאָן, קינדער, ביז די וועלט וועט ווערן עמעסדיק פריי, און די ערד וועט ווערן אַזאַ פּאַראַדיז, אַז דער הימל וועט זיך שעמען קעגן איר, און דאָס לעבן וועט זיין אַזאַ פאַרווירקלעכטער כאָלעם, אַז דער שענסטער כאָלעם אין דער וועלט וועט אונדז מעקאַנע זיין.

אין אייך איז עס געווענדט, קינדער, אַזאַ לעבן און אַזאַ וועלט צו העלפן בויען.

מלושר נײַדיר

# ציפערן

ציילן. ציילן. לערנט ציילן.
אַלע קינדער מוזן ציילן.

אַ מיט האָניק

און אַ פּאַטש

איז 2.

אַ מיט מיסט און אַ

און אַ פֿאַבריקאַנט פֿון קנעפּלעך

איז 5,

אינאיינעם 7.

אַ אַפֿן הימל, אַ מיט קרומע פֿיסלעך,

אַ פֿאַפּירענע שלאַנג,

אַ און אַ טאַכלעס

איז אויכעט 5,

אינאיינעם 12.

האָבן מיר שוין געציילט, קינדער,
אַקוראַט אַ טוץ.
ציפֿערן קומען צונוץ —
צו וויסן וויפֿל דער טאָג האַלט,
און וויפֿל שאָען עס זיינען דאָ
אַף דער גאַנצער וועלט
און אין באַלטימאָר!

# מיין מישפּאָכע

איך שטאַם פון אַ מישפּאָכע
אַן אָרנטלעכע זייער,
ניטאָ באַ אונדז קיין באָסעס,
ניטאָ קיין ליידיקגייער.
מיין טאַטע איז אַ שניידער,
אַ גוטער אָנצוג-נייער.

ער וואָלט מאַכן אַ גאַרניטער
פאַר מיר — אָלרייט, אָלרייט,
נאָר ער אַרבעט שווער און ביטער,
האָט ער נישט קיין צייט.

איך שטאַם פון אַ מישפּאָכע
אָרנטלעך ביז גאָר,
די פרויען — אַרבעטאָרנס,
די מענער — אַרבעטורער.

מיין פעטער איז אַ בעקער
אין ליפּשיצס בעקער-סטאָר,
ער באַקט די בעסטע ברויטן,
די שענסטע פּאַיס און קייקס.
ער פלעכט און ווינזעלט קנויטן,
ער ציט און ציט דאָס טייג.

ער וואָלט אונדז געבן קוכן
און שוואַרצן פּאָמפּעניק,
די באָסעס אָבער קוקן
און געבן טאָר מען ניט.

זעקס

מיין מומע רעדט באַלעזנט
און ווייזט אַף אַנקל דזשאַ:
„הי מעיקס דהי דאָו, באַט העזנט,
הי העזנט גאַט דהי דאָו.“

איך שטאַם פון העכסטן איכעס,
קיין העכערס איז ניטאָ,
און יעדער אַרבעט ריכטיק
ווען אַרבעט איז נאָר דאָ.

דער איינער איז אַ פּלאָמבער,
דער צווייטער איז אַ שמיד,
ניטאָ בא אונדז אַף טראָמבע,
ליידיק גייט מען ניט.

מ'איז פלייסיק ווי די בינען
מיט שער, מיט נאָל, מיט האַק,
מיט הענט און מיט מאַשינען
האָרעוועט מען געשמאַק.

אַף באַנען און אין שעפּער,
אין פעקטאָרים און מאַינס,
בא הויזן און בא קעפּקעס,
בא קוילן און בא וויין.

בא היטלען אַרבעט פּענעק
און יאָסל — אַף דער מויער,
ס'איז שאָלעם אַ מעכאַניק
און אייזיק איז אַ פּויער.

דעם לעבנס אַלע רעדער
מע מיינסטרעוועט געשמאַק —
דער איינער מיט דער פּעדער,
דער צווייטער מיט דער האַק.

דער באָס, ער אַרבעט גאָרניט,
ער שטייט נאָר און ער קוקט,
ער הוקעט און ער צאָרנעט,
ער סטוקעט און ער פלוכט.

מען בייגט זיך און מען ברעכט זיך,
מ׳זשאַלעוועט ניט — זיך,
מ׳ברענט אוים ווי אַ לעכט זיך,
מ׳ברענט אוים זייער גיך.

דאַן גיט דיך באָס אַ שליידער
צו הונגער און צו פריר,
דיין אָרט אין שאַפּ פאַרבייט ער
מיט אינגערע פון דיר.

דעם בעקערס בעסטע זעמל,
דעם שוסטערס בעסטע שיך,
ער זאַפּט איין ווי אַ שוועמל,
ער נעמט עס צו פאַר זיך.

ער שוימט אַראָפּ פון אויבן
ס׳פעטסטע פון דער יויך,
און אונדז הייסט ער מיט „גלויבן"
זיך אָנפילן דעם בויך.

דאָס דאַרף מען ניט פאַרליידן,
דאָס דאַרף ניט זיין אַזוי,
איך וועל דאָס איבערבייטן,
אַז איכ׳ל ווערן גרויס.

כ׳וועל קעמפן אין די רייען,
וועל זיין אַן אַרבעטער העלד,
כ׳וועל העלפן צו באַפרייען
פון שקלאַפעריי די וועלט.



# דאַך און דיל



ער דאַך שלאָפֿט אין דרויסן,
דער דיל שלאָפֿט אין הויז.
קושט איינעם דער שטורעם,
דעם צווייטן — די מויז.

בענקט איינער צום הימל,
דער צווייטער — צו דער ערד,
און יעדערער ווערט פֿון
זיין בענקען פֿאַרצערט.

טרוימט איינער אַ ר ו נ ט ע ר,
דער צווייטער — אַרויף —
אַזוי גייט דאָס אייביק,
אָן אָנהויב, אָן סאָף.



# אין לאַנד פון פריילעכע טרערן



ערט, קינדער, איר ווילט הערן עפּעס אַזוינס, וואָס איר האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט? טאָ זעצט זיך אוים אױף די בענק, ווי שטילע קינדער, און איך׳ל אייך עפּעס דערציילן.

אויב איר האָט געלערנט געאָגראַפיע, ווייסט איר דאָך, אַז נישט ווייט פון די הויכע האָצמקלאָצם בערג געפינט זיך אַ טייך, וואָס הייסט אַמפּסעל.

דער אַמפּסעל טייך שיסט אַ גאַנצע וואָך מיט זידנדיקן טריפוואַקס אַזוי, אַז קומען נאָענט צו אים איז נישט מעגלעך, ווייל מע ווערט גלייך פאַרזיגלט — אַ פאַרטיק פּעקל פאַרן מאַלעך־דוימע, וואָס שטייט מיט אַ פּעסל טינט און שרייבט באַלד אויף דעם אַדרעס און שיקט אייך אַריבער אױף יענער וועלט.

נאָר איינמאָל אין 666 יאָר, ווען שאַבעס געפאַלט אין אַ מיטוואָך, קאָן מען הינטערוויילעכטס צוטרעטן צום טייך אַזוי, אַז דער טייך זאָל מיינען, אַז מע גייט אַוועק פון אים. און ווען מ׳איז שוין נעענטער ווי ווייטער, גיט מען אַ וואָרף אַ בלויע ציבעלע איבערן אַקסל און מע זאָגט דריי מאָל:

עטשעפּעטשע מעטשע־מי,
טיכל־טייכל, ס׳איז נאָך פרי. —

דערשרעקט זיך דער אַמפּסעל טייך, בלייבט שטיין מיט די ציטערדיקע פאַליעס פוןביידע זייטן, ווי אויפגערעגטע לעפצן פון אַ קייסן, וואָס האָט געעפנט ס׳מויל און קאָן עס נישט צו־



מאַכן. און דעמאָלט כאַפּט איר זיך אַריבער איבער די האַצמ־קלאָצם בערג, זעצט זיך אויף אַף די אייגענע הענט, וואָס איר לייגט אונטער הינטער זיך, ווי אַ בענקעלע, און איר הייבט אָן פליען וואוהין איר ווילט. פליט איר אַ טאָג מיט אַ נאַכט. דערנאָך ווידער אַ טאָג מיט אַ נאַכט, ביז איר פליט אַריין אין סאַמע מיטן קורצפּרייטיק, און איר צערייסט אים אַף צוויי העלפט. איין העלפט לויפט אַוועק לינקס, אַ צווייטע — רעכטס, און איר בלייבט שטיין אַקוראַט דאָרטן, וואו איר דאַרפט, דאָס הייסט: אין טרערוראַוואַ.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַזוי גרינג טוט זיך, ווי עס רעדט זיך. איידער איר ברעכט זיך אַריין אין טרערוראַוואַ, מוזט איר זיך צוערשט באָדן אין די גאָלדוואַסערן פון אַשם, וואו די אמפּסעל פאַלט אַריין אין דער קריקראַמאַ. אַז איר קומט אַרויס פון דאָרטן, קוקט איר אויס, ווי אַ גאָלדן מענטשל אַף אַ שילד — אין גאַנצן אַ גאָלדענער און אַ כוץ דעם דאַרפט איר ניט גיין אַף די פיס. דאָס גאָלדוואַסער פון אַשם האָט אַזאַ נאַטור, אַז ווער עס באָדט זיך אין אים אָפּ, הויבט אָן גיין מיטן האַלדז. דאָס הייסט: די פיס שטייען אָדער זיצן אַף אַן אָרט, נאָר דער האַלדז ציט זיך אויס פון זיך אַליין און דער קאָפּ גייט וואוהין

איר ווילט. דערפֿאַר האָבן אַלע איינוואוינער פֿון טרערוראַוואַ גוואַלדיק־לאַנגע העלדזער — סיידן, אַז זיי קומען צ ו ר י ק צ ו ז י ך.

אָבער דער איקער מייסע, וואָס מיר וועלן אייך דערציילן, קינדער, איז וועגן דעם זאַלץ, וואָס ס'איז דאָרט נישטאָ. און וואָס ווען ס'וואָלט יאָ געווען, וואָלט יענע מדינע געווען עפּשער די פֿריילעכסטע מדינע אַף דער וועלט!



ס'איז אַזוי: די געגנט אַרום דער אַמפּסעל איז אַ געוואַלדיק פעטע. די ערד איז נישט קיין ערד, נאָר פריש געבאַקן, פעט ברויט. אַז מ'איז הונגעריק, שניידט מען אָפּ אַ שטיק הייסע ערד און מ'עסט.

צי אַז מ'וויל פלייש, דאַרף מען נישט פאַרגיסן קיין בלוט פון אַ בעהיימע, ווי בײַ אונדז אַ שטייגער, נאָר וואָדען? מע נעמט און מע „זיפּערט" אויף די פעל פון אַ קו, אָדער אַן אָקס (אַלע בעהיימע־פעלן קנעפּלען זיך דאָרטן אונטערן בויך מיט „זיפּערס"). מע שניידט אָפּ וואָסער שטיק פלייש מע וויל — מ'דאַרף נאָר איבערלאָזן דעם עק, וואַקסט באַלד אָן אַ נייע בעהיימע, אונטער דער זעלביקער פעל טאַקע. און די בעהיימע פילט אַפילע נישט, אַז זי איז אָן אַנדער בעהיימע.

רעגענען — רעגנט אין טרערוראַוואַ מיט ווייַן. אַז מ'וויל שלאָפֿן, איז פֿאַראַן אַזוינע בערג פֿון וואַטע, אָדער אַז נישט, גיט מען אַ ניס, קומען צעפּליען גענדז, לייגן זיך אַריין אין אַזוינע ווייסע ציכעלעך, וואָס זיי ברענגען מיט זיך אין זייערע פּיסקלעך, און — נעם שלאָף, וויפֿל דיין האַרץ גלוסט.

נאָר איין זאַך, קינדער, איז ניטאָ אין טרערוראַוואַ: זאַלץ!

אַלצדינג איז דאָ: גאָלד און זילבער, קוילן און אויל, אייזן און קופּער, מעש און צין, ברויט און פֿלייש, האָניק און מאַנדלען, שאַרלאַט־רוסעס און מאַלטעד־מילקס, האָקלאָל, מ'קאָן דאָרט לעבן און לאַכן.

לאַכן? ניין. איך האָב נישט געזאָגט קיין עמעס. אין טרער־רוראַוואַ וויינט מען מער, ווי מען לאַכט. דאָס הייסט: מען וואָלט געקאָנט לאַכן אין טרערוראַוואַ — פֿאַרוואָס נישט? אַזאַ לאַנד! אַזאַ שעפֿע! אַזאַ ערד! אַזוינע בעהיימעס! נאָר וואָדען? טאַקע ווידער דאָס אייגענע: זאַלץ!

וויבאַלד ס'איז נישטאָ קיין זאַלץ, שלאָגן טאַטעס די קינדער, זיי זאָלן וויינען און באַזאַלצן דאָס ברויט. און אַז אַ קינד וויל ניט וויינען, שלאָגט מען עס נאָך מער דערפֿאַר. און אַז עס וויל נישט וויינען גלייך אָפֿן ברויט אַרויף — כאַפּט עס ערשט די רעכטע פּעטש. און אַז די קינדער האָבן שוין אויסגעוויינט אַלע טרערן און באַזאַלצן ס'ביסל מיטיק, הויבט זיך ערשט אָן אָפּדאַסניי אַ געשיכטע מיט נאַכטמאָל. זאָגט די מאַמע צום טאַטן:

— היינט דאַרפֿסטו באַוויינען דאָס ברויט.

זאָגט דער טאַטע צו דער מאַמען:

— איך? פֿאַרוואָס עפּעס איך? וויין ד ו! מיר איז היינט פֿריילעך אָפֿן האַרצן, ווייל כ'האָב געטרונקען בראָנפֿן.

— אַזוי, — זאָגט די מאַמע, — ביזט שוין געוואָרן אַ שיקער א ו י ך! — און זי נעמט וויינען.

כאַפּט דער טאַטע און רוקט איר אונטער לעבן די אויגן א יונג אוגערקעלע.

מאַכט די מאַמע צום טאַטן:

— נעם אַוועק די אוגערקע, דו שיקער!

זאָגט דער טאַטע צו דער מאַמען:

— נאַרעלע, כ'האָב דאָס בלויז געזאָגט, ווייל אַן אוגערקע אָן זאַלץ האָט נישט קיין טאַם.

אַזוינע סצענעס פלעגן פּאַרקומען אין טרוראַוואַ קימאַט אַלע טעג. ביז איינער — אַ כאַכעם און אַ זייגערמאַכער — האָט אויסגעפונען אַ „פּעטענט", אַז אַנשטאָט שלאָגן די קינדער אָדער ערגערן די פרויען, זאָל מען בעסער צו יעדן מאָלצייט אַוועקזעצן באַם טיש אַ מומע וואָס זאָל רייבן כריין אַף אַ ריבייזן, אַזוי אַז אַלע זאָלן גיסן מיט טרערן און די טרערן זאָלן טאַקע פאַלן גלייך אין די שיסלען מיט לאָקשנזופּ, אָדער אַף די הייסע קניידלעך.



פּערצן

# אַ וואַסער לויפט

אַ וואַסער לויפט אַרום אַ גאַנצן טאָג
און באַנאַכט קומט עס ערשט נישט אַהיים.
און זיין מאַמעשי
זאָגט גאָרנישט.

ווען איך לויף אַרום אַ גאַנצן טאָג
און קום באַנאַכט ערשט נישט אַהיים
וואָלט מיין מאַמעשי מיך
גוט אָנגעפּאַטשט.

בופצן

# דער קלוגער יויזיפּל און די קלוגע ראָזעלע

(איבערגעמאַכט פון גרימס אַ מייסעלע)

יויזיפלס מוטער האָט געפרעגט:

— וואוהין גייסטו, יויזיפּל?

— צו ראָזעלען, — האָט ער געענטפערט.

— פיר זיך אויף ווי אַ מענטש, יויזיפּל.

— איך וועל זיך אויפירן ווי אַ מענטש. אַ גוטן טאָג, מאַמע!

— אַ גוטן טאָג, יויזיפּל!

יוזיפל איז געקומען צו ראָזעלען.

— גוט מאָרגן! — האָט ער געזאָגט.

— גוט יאָר! — האָט געענטפערט ראָזעלע, — וואָס האָסטו מיר היינט געבראַכט?

— איך האָב גאָרנישט-נישט געבראַכט. האָסטו עפּעס צו געבן?

ראָזעלע האָט אים געגעבן אַ נאָדל.

— אַ גוטן טאָג! — האָט ער געזאָגט.

— אַ גוטן טאָג, יויזיפּל.

יויזיפּל האָט גענומען די נאָדל, זי אַריינגעשטעקט אין אַ פורל היי און איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער פור.

— גוטן אָוונט, מאַמע!

— גוטן אָוונט, יויזיפּל! וואו ביסטו היינט געווען?

— באַ ראָזעלען.

— און וואָס האָט דיר ראָזעלע געגעבן?

— גאָרנישט-נישט, נאָר אַ נאָדל.

— וואו האָסטו די נאָדל?

— אין אַ פורל היי.

— האָסט נאַריש געטאָן, יויזיפל! נאָדלען שטעקט מען אַריין אונטערן לאַץ.

— ווי מען טוט, טויג נים, — האָט געטראַכט יויזיפל.

— וואוהין גייסטו, יויזיפל?

— צו ראָזעלען, מאַמע!

— פיר זיך אויף ווי אַ מענטש, יויזיפל.

— איך וועל זיך אויפירן ווי אַ מענטש. אַ גוטן טאָג, מאַמע!

— אַ גוטן טאָג, יויזיפל!

יויזיפל איז געקומען צו ראָזעלען.

— גוט מאָרגן! — האָט ער געזאָגט.

— גוט יאָר! — האָט געענטפערט ראָזעלע. — וואָס האָסטו מיר היינט געבראַכט?

— איך האָב גאָרנישט-נישט געבראַכט. ווילסטו מיר עפּעס געבן?

ראָזעלע האָט געגעבן יויזיפלען אַ מעסער.

— אַ גוטן טאָג, ראָזעלע!

— אַ גוטן טאָג, יויזיפל!

יויזיפל האָט גענומען דאָס מעסער, עס אַריינגעשטעקט אין אַ לאַץ און איז אַהיימגעגאַנגען.

— גוטן אָוונט, מאַמע!

— גוטן אָוונט, יויזיפל. וואו ביסטו געווען?

— בא ראָזעלען.

— וואָס האָט זי דיר געגעבן?

— גאָרנישט-נישט, נאָר אַ מעסערל, — האָט געזאָגט יויזיפל.

— און וואו האָסטו דאָס מעסערל?

— אין לאַ׳ן!

— האָסט נאַריש געטאָן, יויזיפּל! אַ מעסערל ליגט מען אַריין אין קעשענע.

— ווי מען טוט, טויג ניט, — האָט געטראַכט יויזיפּל.

— וואוהין גייסטו, יויזיפּל?

— צו ראָזעלען, מאַמע!

— פיר זיך אויף ווי אַ מענטש, יויזיפּל!

— איך וועל זיך אויפירן ווי אַ מענטש. אַ גוטן טאָג, מאַמע! יויזיפּל איז געקומען צו ראָזעלען.

— גוט מאָרגן, ראָזעלע!

— גוט יאָר, יויזיפּל! וואָס האָסטו מיר היינט געבראַכט?

— איך האָב גאָרנישט-נישט געבראַכט. ווילסטו מיר עפּעס געבן?

ראָזעלע האָט אים געגעבן אַ פייגעלע.

— אַ גוטן טאָג, ראָזעלע!

— אַ גוטן טאָג, יויזיפּל!

יויזיפּל האָט גענומען דאָס פייגעלע און עס אַריינגעלייגט אין קעשענע.

— גוטן אָוונט, מאַמע!

—גוטן אָוונט, יויזיפּל! וואו ביסטו געווען?

— בא ראָזעלען, מאַמע.

— וואָס האָט דיר געגעבן ראָזעלע?

— גאָרנישט-נישט, מאַמע, נאָר אַ פייגעלע.

— וואָס האָסטו געטאָן מיטן פייגעלע?

— איך האָב עס אַריינגעלייגט אין קעשענע, מאַמע.

— דו האָסט נאַריש געטאָן, יויזיפּל. האָסט עס באַדאַרפט האַלטן אין אַ שטייגעלע.

— ווי מען טוט, טויג ניט, — האָט געטראַכט יויזיפּל.

— וואוהין גייסטו, יויזיפל?
— צו ראַזעלען, מאַמע!
— פיר זיך אויף ווי אַ מענטש, יויזיפל.
— איך וועל זיך אויפירן ווי אַ מענטש. אַ גוטן טאָג, מאַמע!
יויזיפל איז געקומען צו ראַזעלען.
— גוט מאָרגן, ראַזעלע!
— גוט יאָר, יויזיפל! וואָס האָסטו מיר היינט געבראַכט?
— איך האָב גאָרנישט-נישט געבראַכט. האָסטו מיר עפּעס צו געבן?

ראַזעלע האָט אים געגעבן אַ קליין קעלבעלע. יויזיפל האָט אַריינגעלייגט דאָס קעלבעלע אין אַ שטייגעלע און איז אַוועק אַהיים.

— גוטן אָוונט, מאַמע!
— גוטן אָוונט, יויזיפל! וואו ביסטו געוועזן?
— באַ ראַזעלען, מאַמע.
— וואָס האָט זי דיר געגעבן, ראַזעלע?
— גאָרנישט-נישט, נאָר אַ קעלבעלע, מאַמע.
— וואו האָסטו דאָס קעלבעלע?
— אין אַ שטייגעלע.
— האָסט נאַריש געטאָן, יויזיפל. אַ קעלבעלע פירט מען באַ אַ שטריקל און מען בינדט עס צו אין שטאַל.
— ווי מען טוט, טויג נית, — האָט געטראַכט יויזיפל.

— וואוהין גייסטו, יויזיפל?
— צו ראַזעלען, מאַמע!
— פיר זיך אויף ווי אַ מענטש, יויזיפל!
— איך וועל זיך אויפירן ווי אַ מענטש. אַ גוטן טאָג, מאַמע!
— אַ גוטן טאָג יויזיפל!

— גוט מאָרגן, ראַזעלע!

— גוט מאָרגן, יויזיפל! וואָס האָסטו מיר היינט געבראַכט?

— איך האָב גאָרנישט-נישט געבראַכט. האָסטו מיר עפּעס צו געבן?

— איכ'ל גיין מיט דיר, יויזיפל.

— יויזיפל האָט איר אָנגעטאָן אַ שטריקל אַפן האַלדז, זי אַריינגעפירט אין שטאַל, זי צוגעבונדן. דערנאָך איז ער אַריין צו דער מאַמען.

— גוטן אָוונט, מאַמע!

— גוטן אָוונט, יויזיפל! וואו ביסטו געווען?

— באַ ראַזעלען, מאַמע!

— וואָס האָט זי דיר געגעבן, ראַזעלע?

— גאָרנישט-נישט געגעבן. זי איז אַליין געגאַנגען מיט מיר.

— און וואו האָסטו זי אַהינגעטאָן?

— איך האָב זי אַריינגעפירט אין שטאַל און צוגעמאַכט די טיר.

— פּע, פּע! — האָט געזאָגט די מאַמע. — אַזאַ גרויסער יונג ווי דו זאָל זיך אויפירן אַזוי נאַריש!

— אַז ווי איך טו, טויג ניט, — האָט געזאָגט יויזיפל און ער האָט זיך צעוויינט.



צוואַנציק

# ליפּעלע און ציפּעלע

ליפּעלע און ציפּעלע
שליטלען זיך אין שליטעלע
טאָל אַריין און באַרג אַרויס,
זאָגט זי: מיקע, מיקע, מויז —
ס'איז אַ מייל פון אונדזער הויז.
זאָגט ער: מאַ־קע, מאַ־קע, מאַק
און ער בלאָזט זיך אָן די באַק
און דאָס שליטל
קרום, אַרום:
צוקע,
ציקע,
צאַק.

און דער ווינט
ער קרימט
זיי נאָך:
ליפּע
ציפּע,
ציפּע
ציפּ,
מאַקע
מויז
און
מיקע
מיק!

איין־און־צוואַנציק

זאָגט ער: הער נאַר

ציפּע, ציפּע.

זאָגט זי: „הערנער״?

ליפּע, ליפּע —

און ער הערט ניט

און זי הערט ניט,

ווייל דאָס שליטל גיט אַ ז־ז־ז־יפּע,

ציקע,

צאַקע,

ליפּע,

ציפּע.

הו, אַף טעלעגראַפן־סטרונעס

אָנגעשנעלט און אָנגעסומנעט

גייט אַזאַ מין בויך־באַס ברום־מ־ען:

„ווינ־נ־נטאַ

דרינ־נ־טאַ

דרומם״ . . .

בעט דער פידל לאַנגער־באַנגער

און ער ציטערט און ער פלאַמכעט:

„ליפּע,

ציפּע,

קו־מ־ם!״

אָנגערויטלט, פּראַסטגעפּרעגלט

אַף די אָנגעשאַרפטע וועגן,

ניט געקוקט

און ניט געטראַכט,

נאָר געשטיפּט
און נאָר געלאַכט
און
געציקעט
און געצאַקט.

אוי, פאַרבלאָנדזשעט,
אוי, פאַרקראָכן!
שיר אַ פענצטער
אויסגעבראָכן
אינעם שטיבל
דאָרט אין טאָל,
אַזוי נידריק
שטיל
און שמאָל.



שפּרינגט אַרוים אַ קאַץ
און מאַיוקעט,
הינקט אַרוים אַ מאַן
צעפּויזשעט,
אַ לאַמטערן
מיט אַ מאַן
גיבן ביידע
צוויי, דריי
שפּאַן,

אונ ער בייזערט זיך
מיט גוטן:

איי, א לעבן אף אייך, פלוטן,
פלוטלעך קליינע,
צען באנאכט — -

מאכט מען
ציקע,
צוקע,
צאק?

אט אזוי — ניט מיר, ניט מער
וועקט מען אויפעט א לאמטער?
וועקט מען אויף אן אלטן מענטש?

בלייבן ביידע שטיין פארשעמט —

ציפע,
ליפע,
ליפע,
ציפ.

אונ מע בייסט זיך
אין דער ליפ.

ווייל שוין ציפע טאן א כליפ,
ווארנט ליפע —

ניטע,
ניט!
ס'איז ניט שיין,
ס'איז ניט שיין,
אז א פרעמדער זאל דאס זען.

פיר-און-צוואנציק

לאָז דער זיידע
אונדז עקסקיוזן,
אַף די אָנגעשאַרפּטע
שטרוזן
שליטלען מיר זיך
גלייך קאַריק,
איך וועל שלעפּן
באַ דעם שטריק:
ציקע,
צאַקע,
צאַקע,
ציק!

שוין דאָס שליטעלע פאַרקירעוועט,
טוט מען מיט דער נאָז אַ פירכע:
עמעס, זיידע, ביסט ניט ברויגעז?
ווינט און שניי אַריין אין אויג איז..
קיין פאַריבל האָב אונדז ניט,
איך היים ליפּע —
זי הייסט ציפּ.
גיט דער זיידע
זיי אַ קניפּ
און ער שמייכלט:
„ציפּ
צע
דריפּ!"
איז אַ גוטע נאַכט דיר, זיידע,
און עקסקיוז,
עקסקיוז אונדז ביידע,

שויב איז גאַנץ,
דו דאַרפסט ניט זאָרגן,
דאַרפסט ניט זאָרגן
גאָרנישט-ניט,
מאַכט די קליינע ציפּע ציפּ.

„ניין, ניט דאָס —
איך אַרבעט מאָרגן,"
זאָגט דער אַלטער
מיט אַ זיפץ
און ער שפּייט אַראָפּ
אין טאָל,
וואו לעוואָנע
שאָבט איר שטאָל,
און איניינעם
מיט זיין טריט
הינקט אַ שאָטנדיק
געשריפט,
לעשט זיך אויסעט
זיין לאָמטער
און מע זעט אים
שוין ניט מער.

נאָר פון ליפּע,
ציפּע
ציפּ
(פול מיט
שליטלדיקן
סקריפּ)

הערט מען נאָך :

אַ־העפּ !

אַ־היפּ !

און סע גליעט

אַזאַ גליק

אַף אַ ווייסן

צאַקע

ציק...

ציקע,

צאַקע,

צאַקע,

ציק !









# הענעך לאָזט אייך גריסן

— הענעך, וועק מיך אויף.

— שוין אויפגעוועקט, באַלעבאָס לעבן. איר קאָנט שוין אויפשטיין.

— הענעך, גיס מיר אָפּ די נעגל.

— שוין אָפּגעגאָסן, באַלעבאָס לעבן.

— הענעך, רייב מיר איין די פּלייצעס מיט שפּירט.

— שוין איינגעריבן, באַלעבאָס לעבן.

— הענעך, טו מיר אָן די הויזן, די שטעקשיך און דעם וועסטל־שפּענצער.

— שוין אָנגעטאָן, באַלעבאָס לעבן.

— הענעך, טו מיר אָן די טפילין, איך וויל דאַוונען.

— שוין אָנגעטאָן, באַלעבאָס לעבן.

— הענעך, גרייט צום טיש.

— שוין געגרייט, באַלעבאָס לעבן.

— הענעך, שטעל אַרויף דאָס געבראָטנס, מיט די פיש, מיטן לאָקשן־קוגל, מיטן מייערן־צימעס, מיט דער געפילטער קישקע, מיט צוויי פלעשער וויין, מיט אַ פלאַש בראָנפן, אַ שיסל וויינטרויבן און אַ טעלער מיט נים.

— שוין אַרויפגעשטעלט, באַלעבאָס לעבן.

— ה־ם־ם, קאָנסט שוין גיין, הענעך. עסן וועל איך שוין אַליין.

אכט־און־צוואַנציק

# בירעבידזשאַן

זאָגט מיר, זאָגט מיר, ליבע יאָטן,
האָט דערציילט אייך שוין דער טאַטע
(אַף אַ פידל, אַף אַ לירע)
פון אַ לאַנד-קאַנט וואָס הייסט בירע,
אונדזער
בירענקע
בידזשאַן?

מיר פאַרציען דאָס אומיסנע
און מיר גיבן-צו: נ-קע,
ווייל דאָס לאַנד, כאָטש גרוי מיט דעמבע,
איז אַ יונגס באַ אונדז און אינגער
ווערט דאָרט איצט דאָס גרויע פאָלק.

ס'איז אַ לאַנד אַ פעטס, און האָניק
וועט זיך גיסן פון דערין,
נאָר ניט מערער: פרייע מענטשן
דאַרפן זיין
דאָרטן
די בין.

ניט פאַרקוקן זיך אין הימל,
נאָר אַריינקוקן אין גרונט,
און אין טיפעניש געפינען
אונדזער ברויט און אונדזער בלום.

קינד, עס בויעט זיך אַ וועלטל
לויטן פּלאַן פון מינדערהייט,
וואָס געצייכנט האָט עס לעניון
אויף דעם פּייערבלאַט פון צייט.

ס'טראַכט די בלום ניט פון זיך זעלבער,
יעדע בלום דעם גאָרטן צירט,
ווערט בעמיילע שוין די שיינקייט
ביז צום העכסטן קולטיווירט.

איז דעריבער
איר פיר אירע,
דאָרטן אויף דער דריטער באַנק,
גיט אַ זאָג
צום ערשטן:
ב י
ר ע !
און דערנאָך
דאָס וואָרט:
ב י
ד ז ש אַ ן !

לייג דאָס אויס אויף צונג און גומען,
קלינג דאָס אויס ווי אויף אַ פּויק,
ווער עס זינגט ניט דער זאָל ברומען
און זאָל טאַנצן מיטן אויג.

אונדזער לאַנד
דאָס אַטאַנאַמע,
אונדזער קאַנט
מיט שוויים און האָניק,

ווי אַ בלום אין דעם בוקעט
פון פילפאַרביקן סאַיועט.

רעכט אַף לעבן,
פליכט אַף מי,
נעמען־געבן —
קאַלעקטיוו.

זינגט זשע אַלע
ווייך און ליריש,
זינגט זשע אַלע ווי איין מאַן
פאַר דעם בוי פון אונדזער דירע
אין דער בי־רע
אין בי־דזשאַן.



# דער צווילינג

געבוירן צו ווערן בין איך געווען בלויז ה אַ ל ב  ווייליק,
דערפֿאַר בין איך געבוירן געוואָרן אַ צווילינג.

און דאָ הויבט זיך אָן טאַקע גלייך די צאָרע:
מיין שוועסטער הייסט עסטער, איך הייס סאָרע.

און ווער איז ווער, איז שווער דאָ צו פֿאַרהאַנדלען —
סיידן מ׳זאָל אַ קוק-טאָן אין די „מאַנדלען“,

(עפּעס האָט מיין מאַמע דאָרט אַ שטיקל סימען —
מיינע זיינען בלאַס, די אַנדערע — ענטצינען).

ניט שטענדיק אָבער שטייט מען מיט אָן אָפֿן מויל,
פֿאַסירן טאַקע זאַכן — אַז ס׳אַ גרויל.

אַזוי האָט אונדז צומערשט פֿאַרביטן אונדזער מאַמע,
אַז זי האָט אונדז געבאָדן אין אַ וואַנע.

אויך באַם נאָמענגעבן האָט מען אונדז „פֿאַרטשענדזשט“,
איך בין אַרויס דערפֿון אַן אַנדער מענטש.

נאָר ס׳ערגסטע האָט געטראָפֿן דאָ געסטערן,
אַז איך בין געשטאָרבן האָט׳ן באַגראָבן עסטערן.

איצט ווייס איך ניט ווער איז טויט — ז י  צי  א י ך?
ווייל איינע טראָגט דער אַנדערערס שיך.

דאָך ווייסט מען ניט ווער עס טראָגט די שיך פֿון  ו ו ע מ ע ן —
אַניט וואָלט מען מיך איצט לייכט געקענט דערקענען.

(לויט אַן ענגלישן אַבסורד,
געשריבן אַרום 1830.)



# עס! עס! עס!




— לאַלי, — האָט געזאָגט דער לערער צום קליינעם מיידעלע מיטן גרויסן צעפּעלע און מיטן פינגערל אין דער נאָז.

— האַ? — האָט געזאָגט לאַלי — יו מין מי?...

— יאָ, כ׳מיין ד י ך טאַקע, — האָט געזאָגט דער לערער, — נעם אַרויס ס׳פינגערל פון דער נאָז, לאַליטשקע. ס׳איז ניט שיין און ס׳איז ניט געזונט.

— פאַרוואָס? — האָט געפרעגט לאַלי — ענד וואָט נאָט? טעל מי וואָי?

— דערפאַר, — האָט געזאָגט דער לערער, — ווייל ס׳איז ניט געזונט.

— טעל מי וואָי?

— ווייל אין דער נאָז, — האָט געזאָגט דער לערער, — איז פאַראַן אַזאַ דין פּייכט הייטעלע, וואָס מ׳רופט שליימהויט און וואָס איז זייער דעליקאַט. מ׳טאָר עס ניט גראַבלען מיט די פינגער...

— מיט וואָס דען, לערער־לעבן, זאָל מען גראַבלען די נאָז? — פרעגט לאַלי־לאַליפּאַפּ.

— מיט גאָרניט, — זאָגט דער לערער, — אַ נאָז דאַרף מען געמאַך לאָזן.

— און אַז סע בייסט אין נאָז? — פרעגט לאַלי — און אַז מע וויל ניסן?

— ניסט מען, — זאָגט דער לערער, — נאָר ניט יענעם אין פּאָנעם אַריין. מע ניסט אַריין אין אַ שנופּטיכעלע.

דריי־און־דרייסיק

— וואָס דו יו מין שנופּטיכעלע? — פרעגט לאַלי. — יו מין אַ הענקעטשקעלע? כ'מיין אַ הענקיפּאַרטשי... כ'מיין אַ...

— לאָז זיין געגוג מיט דיין מיינען, — זאָגט דער לערער. — ענטוועדער, זאָגט ער, רעד אידיש און זאָג שנופּטיכל, אָדער נאָז־טיכל, אָדער נאָז־פּאַטשיילע, אָדער זאָג הענד־קערטשיף...

— וואָי? — פרעגט לאַלי.

— ווייל אַ שפּראַך, — זאָגט דער לערער, — איז ניט קיין קאַשע מיט מאַשלינקע. מע מישט ניט אוים.

— וואָי? — פרעגט לאַלי.

— ווייל אַזוי, ווייל אַזוי! — זאָגט דער לערער. — גיי, זעץ זיך, לאַלינקע, און דליבע ניט ס'אויער מיט קיין שוועבעלע, ווערסט דיר נאָך אָנמאַכן אַ צאָרע כאַלילע...

— וואָי? — פרעגט לאַלי.

— ווייל אַן אויער טאָר אַ קינד אַליין ניט טשעפּען, — זאָגט דער לערער. — אַז דאָס אויער ווערט פאַרשטאָפּט מיט וואַקס, ווערט עס די מאַמע אויסוואַשן, מיט אַ שטיקעלע וואַטע אָנגעוויקלט אַף אַ צאָנשטעכערל, אָדער דורך אַריינלאָזן אַ טראָפּנדל פּעראָקסייד מיט אַ שפּריצערל. ס'בעסטע איז, אַז אַ דאָקטער טוט עס.

— וואָי? — פרעגט לאַלי.

— ווייל אַ דאָקטער ווייסט בעסער, — זאָגט דער לערער, — ווען געזונט, ווי איך אָדער דו. פּונקט ווי אַ סטאָליער, אַ שטייגער, ווייסט מער ווען אַ הובל אָדער אַ דלאָט.

— וואָס דו יו מין סטאָליער? הובל? דלאָט? — פרעגט לאַלי, וועלכע קען נאָך ניט גוט קיין אידיש.

— סטאָליער, — זאָגט דער לערער, — הייסט אַ „קאַרפּענטער", און הובל, — זאָגט דער לערער, — הייסט אַף ענגליש „ע פּלעין" און דלאָט איז אַ „טשיזל".

— וואָס איז אַ פּלעין? — פרעגט לאַלי — אַן עראָפּלעין? אַ קאַרפּענטער פליט אין אַן עראָפּלעין?

— ניין, מיין קינד, — זאָגט דער לערער, אַ פּלעין איז אַזאַ געצייג, אָט אַזאַ־אַ, וואָס זעט אוים אַ ביסל ווי אַ ביגל־אייזן.

עס האָט אַזאַ שאַרף צינגעלע פון שטאָל אינעווייניק. אַ הובל לייגט מען צו מיטן צינגעלע אַראָפּ צום ברעט. עס זאָל זיך צונויפרעדן מיטן האָלץ. דערנאָך גיט מען אַ שיב מיטן הובל, אָט-אַזוי-אַ — זינ-פּט, זינ-פּט. און אַז דאָס צינגעלע דערפילט, אַז ערגעץ איז ניט גלאַט, גיט עס אַ כאַפּ און אַ קוש אַראָפּ און אַ שפּיי אוים. די שפּענדלעך פליען אַרוים פונעם „מויל“, אַזוי ווי הילצערנע, געקאַרבטע סטענגעלעך, אָדער שליאַרקעלעך, אָדער ריבנדלעך. מע רופט דאָס אויף אידיש הובלינקעס, אָדער הובל-שפּענער, אָדער סטרוזשקעס.

— ווהיי? — פרעגט לאַלי.

***

דער לערער שטעלט זיך אַוועק באַם טאָוול און הויבט אָן לערנען.

ער לייענט פאַר וועגן אַ גרויסן אידישן שרייבער, וואָס מ׳האָט אים גערופן דער „זיידע מענדעלי“. זיין פולער נאָמען, — זאָגט דער לערער, — איז געווען „מענדעלי מויכער ספאָרים“. אָף פראָסטן אידיש וואָלט דאָס געהייסן מענדעלע דער מויכער-ספאָרימניק. מענדעלי דהוי בוק-פעדלער... אָבער דאָס איז אויך ניט געווען זיין ריכטיקער נאָמען, זאָגט דער לערער. זיין ריכ-טיקער נאָמען איז ש. י. אַבראַמאָוויטש.

— ווהיי ש. י. אַבראַמאָוויטש? — פרעגט לאַלי.

— ווייל אַזוי האָט ער געהייסן. אַבראַמאָוויטש איז געווען זיין פאַמיליע-נאָמען. אַזוי ווי דיין פאַמיליע-נאָמען איז, לאָמיר זאָגן, גרינשפּאַן...

— דאָס ניט אונדזער פאַמיליע-נאָמען, — זאָגט לאַלי, פאַר-געסנדיק דעם „איז“. — אין אונדזער פאַמיליע, — זאָגט לאַלי, — האָבן ניט אַלע דעמזעלבן נאָמען. טייק פרינסטענס ——

— נעם אַ שטייגער ווילסטו זאָגן? — פאַריכט איר דער לערער.

— שטעם אַ נייגער, — קערט זי איבער די ווערטער. — שטעם אַ נייגער מיין בראָדעראינלאַ . . .

— דיין שוואָגער מיינסטו, לאַלי. . .

— ער איז מיין שוועסטערס מאַן, נאָר ער הייסט ניט גרינ־שפּאַן. ער הייסט שולבערג. סאָ יו סי, לערער. . .

אין קלאַס האָבן אַלע געלאַכט.

נאָר לאַלי האָט זיך ניט גענומען צום האַרצן. זי האָט אַרויס־גענומען פונעם לאַנטש־קעסטל אַ לאַליפּאָפּ און גענומען נאָגן שטילערהייט, פאַרשאַרנדיק אַלעמאָל די רויטע האָר פון איר קעפּל. און די זומער־שפּרענקלעך אויף איר נאָז האָבן געלאַכט אינעם פּאַס פון זון, וועלכער איז אַריין דורכן פענצטער, און אין וועלכן עס האָבן אַרומגעטאַנצט אַ סאַך, אַ סאַך גילדענע שטויבעלעך. . .

***

—— מיר וועלן היינט רעדן, — האָט געזאָגט דער לערער, — וועגן פיר עסן !...

ער האָט זיך געווענדט גלייך צו לאַלינקען און געפרעגט :

— לאַליטשקע, וועלכע זאַך הויבט זיך אָן מיט אַן עס און וואָס אַלע אַרבעטער ליידן דערפון ?

— ברעקפעסט ! — האָט געזאָגט לאַלי, קייענדיק ווי טאָמער איר לאַליפּאָפּ.

אין קלאַס האָבן אַלע אַרויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער.

— ווהיי ? — האָט געזאָגט לאַלי. — ברעקפעסט הויבט זיך אָן מיט אַן עס. סיידן, — מאַכט זי, — אַז מע זאָל רעכענען די אָרענדזש דזשוס . . .

— זאָפּט, — פאַריכט איר דער לערער.

— נאָר איך דאָס ניט טרינק, — זאָגט לאַלי...

— איך דאָס ניט טרינק ! — זאָגן אַלע קינדער איבער און לאַכן. — מע דאַרף זאָגן . . .

— ווי אַזוי ? — פרעגט דער לערער, ווויסנדיק, אַז די כעוורע האָבן אַ טעווע זיך צו פאַרפּלאָנטערן באַ דער גרינגסטער זאַך.

— ווי אַזוי דאַרף מען זאָגן, דזשימעלע ?

— איך ניט דאָס טרינק, — זאָגט דזשימעלע, — ריכטיק ?

— ניין, — זאָגט דער לערער, — ניט געטראָפן. אַז דו ט ר ע פ ס ט , איז באַהויפּט שלעכט. מע דאַרף  װ י ס ן , ניט טרעפן.

— לערער, טיטשער, — הויבט די האַנט נייטי, וועלכער פאַרהיקעט זיך אַ ביסל.

— וואָס איז, נאָסעלע? — פרעגט דער לערער.

— מען ד־דאַרף זאָגן „איך נ־ניט טרינק ד־דאָס".

— ניט געטראָפן, נאָסעלע, — זאָגט דער לערער, — מע דאַרף זאָגן פּאַשעט: „איך טרינק דאָס ניט." מע דאַרף זיך ניט אָנשטרענגען, קינדער, מע דאַרף נאָר אויספּוצן ס'אויער, מ'זאָל גוט הערן. ווייטער דאַרף מען עס ניט נעמען מיט געוואַלט. מע דאַרף זיך נאָר צוהערן גוט, ווייל יעדע שפּראַך האָט אַ באַזונדערע מוזיק. יעדע שפּראַך רעדט מען אױף אַן אַנדער טאָן. ענגליש, צום ביישפּיל, רעדט מען נידעריקער ווי פראַנצויזיש. ניט נאָר דאָס אַליין, קינדער, אַז מ'וויל זיך אויסלערנען גוט אַ שפּראַך, מוז מען זיך צוגעוואוינען צו  ט ר אַ כ ט ן  אױף איר.

און זיך ווענדנדיק צו לאַלין, פרעגט ער:

— אױף וואָסער שפּראַך דענקסטו, לאַלי?

— איך? — זאָגט לאַלי און ווייזט מיטן פינגער אױף זיך, — איך טראַכט... — וואַי? ווהאָט דו יו מין, איך טראַכט?...

— זי טראַכט ניט, זי טראַכט ניט, — זאָגן די קינדער אַ וויץ און לאַכן.

— אָרדענונג, — זאָגט דער לערער, — אָרדענונג.

— וואָסער אָרדענונג? — מישט זיך אַריין דזשימעלע, — אַ רעגעלע, צי אַ פּראָלעטאַרישע?

—אַ גוטע אָרדענונג, — זאָגט דער לערער און קוקט דזשימעלען אין די קלוגע אייגלעך אַריין, — אַ גוטע אָרדענונג, אַ פּראָלעטאַרישע.

ער נעמט אַראָפּ די ברילן, הויכט אַרויף מיטן מויל אױף יעדן גלעזל באַזונדער און אַז ער פּוצט דאָס מיטן טיכעלע, פרעגט ער:

— איז וואו זשע האַלטן מיר, קינדער? מיר זיינען שוין פאַרקראָכן. וועלכע זאַך הויבט זיך אָן מיט אַן עס און אַלע

אַרבעטער לײַדן דערפֿון? איר װײסט ניט? װעל איך אײַך זאָגן:

— סלעק . . .

— שור, שור, — זאָגן אַלע. — דאָס איז ריכטיק. „סלעק" הױבט זיך טאַקע אָן מיט אַן עס.

— אָבער קײן עסן איז ניטאָ, אַז ס'איז „סלעק", — זאָגט דזשימעלע.



— אױ, סלעק, — קרעכצט לאַליטשקע און קײַט איר לאַלי־פּאָפּל . . .

— באַ איר איז איצט ביזי, — זאָגט דזשימעלע, — זי קײַט דעם לאַליפּאָפּ . . .

— און װאָס נאָך הױבט זיך אָן מיט אַן עס און טױג ניט פֿאַר די אַרבעטער?

— סעק, סעק! — זאָגן עטלעכע קינדער, װעלכע זײַנען שױן געפֿאַלן אַפֿן סײַכל.

— װי אַזױ הײסט סעק אַף אידיש? — פֿרעגט דער לערער.

— מײַלע „סלעק" הײסט „שלאַבריקע", שלאַבריקע צײַט, װען ס'איז ניטאָ קײן אַרבעט. אָבער װער פֿון אײַך קען מיר דער־קלערן אַף אידיש װאָס „סעק" איז?

— איך! — זאָגט לאַלי און הױבט זיך אױף און נעמט אַרױס דעם לאַליפּאָפּ פֿון מױל, — „סעק" הײסט, אַז דער באָס זאָגט: װהאַט דו אַי נידזשו . . . ריכטיק, לערער?

— ריכטיק, — זאָגט דער לערער, — װהאַט דו איי ניד יו, — זאָגט דער באָס. װאָס דאַרף איך אײַך האָבן? איך קען קריגן אַנדערע שקלאַפֿן, װאָס װעלן אַרבעטן פֿאַר ביליקער און װעלן זיך לאָזן קריכן אַפֿן קאָפּ.

— כאַפּט זײ דער רוּעך! — זאָגט דזשימעלע און קוקט ניט אַרױס פֿון העפֿט, װאו ער שרײַבט עפּעס.

— לאָזן זיי גיין צום העל! — זאָגט לאַלי אױף איר פאַר־גרייזטן אידיש.

— און איצט, קינדער, — זאָגט דער לערער, — איז פאַראַן נאָך אַ דריטער עס. דער־אַ עס איז באַקאַנט אַלס דער געמיינער עס פון שקלאַפישע נעשאָמעס, פון פינצטערע אַרבעטער, וואָס זיינען ניט קלאַסנבאַוואוסט. דער עס פון די גענגסטערס און באָסישע „סטודזשעס", וועלכע רויבן דאָס עסן פונעם אַרבעטער, רויבן דעם טראָפּן מילך באַם קינד, רויבן די ליכט און וואַרעמ־קייט פון אַרבעטערס שטוב, טרייבן אים צו אומגליק און פאַר־צווייפלונג. וואָס איז דאָס, קינדער?




— אָה, דאָס?! — זאָגט דזשימעלע, — מיר וויסן. דאָס איז דאָס העסלעכע באַשעפעניש, וואָס הייסט „סקעב", וואָס לעבט, ווי אַ וואָרעם אונטער דער ערד, נאָר אַז סע דערשמעקט אַ שטורעם, רוקט זיך עס אַפיר פון אונטערן שטיין און זוכט צי איז ניט אַראָפּגעפאַלן אַ פאַרטיק עפּעלע, וואָס מ'קען אַריינ־קריכן אינעווייניק און עס מאַכן ווערעמדיק . . .

— בראַוואָ, דזשימעלע! — זאָגט דער לערער, — דו וואַקסט אַ קלאַסנבאַוואוסטער און קלוגער יונג. דו וועסט נאָך באַ אונדז זיין אַ פירער. דו דאַרפסט זיך נאָך לערנען אַ סאַך, ווייל וויסן איז דאָס ערשטע און גרעסטע פאַרמעגן פונעם אַרבעטער־קלאַס. געדענקט עס, קינדער.

— מירן עס געדענקען! — זאָגן אַלע. און אַפילע לאַלי

ווערט אויך ערנסט און שיין, און די ברוינע פינטעלעך אין אירע אויגן טאַנצן ווי שטויבעלעך אין אַ ליכטיקער זון.

— און איצט, — זאָגט דער לערער, — קומט די לעצטע פראַגע:

— עס הויבט זיך אָן מיט אַן עס און עס איז אַ גליק פאַרן אַרבעטער־קלאַס. ניט נאָר ווייל עס געווינט פאַר אים קלענערע אַרבעט־שטונדן און מער געלט, נאָר אויך דערפאַר, ווייל עס הויבט אים אויף אין זיינע אייגענע אויגן, מאַכט אים העכער, שטאָלצער. דערוועקט אין אים דאָס באַוואוסטזיין פון אייגענער מאַכט, טרייבט אים צו גרויסע, צו העלדישע זאַכן, גרייט אים צו פאַר די לעצטע קאַמפן פון אַרבעט קעגן קאַפּיטאַל. אַנו, קינדער, טרעפט וואָס דאָס איז.

— דאָס איז גרינג, — האָבן אויסגערופן קימאַט אַלע קינדער פונעם קלאַס מיטאַמאָל. דאָס איז

סטרייק!

ס ט ר י י ק!

ס ט ר י י ק!

— קעגן די ערשטע דריי „עסן“ — האָט געזאָגט דזשימעלע,
— קעגן די ערשטע דריי עסן — דאָס הייסט קעגן:

סלעק

און

סעק

און

סקעב

איז וואָס — ער ווענדט זיך צום קלאַס — איז וואָס דער בעסטער מיטל? האַ, קינדער? ענטפערט אַלע אינאיינעם!

— סטרייק!

— סטרייק!

פערציק

רופן אַלע קינדער, אַנטציקט פון דעם געדאַנק, אַז אַלע ווייסן שוין ווי אַזוי צו קעמפן קעגן שקלאַפעריי און לאָזן זיי נאָר אויס־וואַקסן, לאָזן זיי נאָר גרויס ווערן, וועט איר שוין זען, וואָס פאַראַ בראַווע סטרייקערס, וואָס פאַר אַ העלדישע פּיקעטליינערס דאָס וועלן זיין, און ווי זיי וועלן קעמפן פאַר זייערע רעכט, ווי וועלף און ווי לייבן, מיט ציין און מיט נעגל.

פּאָליסלייט וועלן זיי ניט קענען אָפּרייסן.

סקעבס וועלן זיי ניט קענען אָפּשרעקן.

פאַרעטער וועלן ניט קענען מאַכן, אַז זיי זאָלן צעשפּאַלטן זייערע רייען.

ווייל זיי ווייסן, אַז בלויז אין אייניקייט ליגט די גרויסע קראַפט פונעם אַרבעטער־קלאַס, ליגט דער וועג צום זיג. און אַז דער אַרבעטער האָט גאָרניט צו פאַרלירן נאָר די קייטן פון זיין הונגער און צו געווינען האָט ער — אוהאָה, אַ גאַנצענע וועלט!




איין־און־פערציק

# U. S. 8

(אַ שפּיל אין איניִשעלס און אויסטייטשונגען)

— לאָמיר שפּילן אין איניציאַלן (איניִשעלס) און אויס־טייטשונגען, — האָט געזאָגט דזשימעלע צו לאַלי לאַליפּאַפּ.

— אָלרייט, — האָט געזאָגט לאַלי, — ווי אַזוי שפּילט מען דאָס?

— זייער פּראָסט, — האָט געזאָגט דזשימעלע, — מע נעמט, צומביישפּל, אַזוינע איניִשעלס ווי „יו עס איי". ווייסטו וואָס עס מיינט, לאַלי?

— יו עס איי? שור! עס מיינט יונייטעד סטייטס אָוו אַמעריקע.

— אָקעי, לאַלי; אָבער אַז מע נעמט אַראָפּ די „איי" צום סאָף, ווי אַזוי מאַכט עס?

— מאַכט עס „אָס".

— וואָס מיינט אָס? אָס מיינט אונדז — מיר! אָבער אַמעריקע געהער דערווייל ניט צו אונדז, צו די אַרבעטער־קינדער. שפּעטער — וועט עס געהערן צו אונדז, וועט עס זיין אָס, ענד נאָ בלאָף, מיינד יו!

— כאַ־כאַ, — האָט געלאַכט לאַלי, — ווי אַזוי ער טייטשט אויס, דזשימעלע!

— שור, — האָט געזאָגט דזשימי, — און אַז מע וויל מאַכט עס: יו עס, — דו עס! באָט טריי ענד דו איט . . .

— אָף אידיש! אָף אידיש! — האָט געזאָגט דער לערער. — אין אונדזער שול רעדט מען אָף אידיש.

— „פריף און טו עס", האַ, לערער?

— ניין. סע טויג ניט. טריי ענד דו איט, קען מען אָף אידיש איבערזעצן: „אַנו, פּריף!"

— באַנאַנאַ אויל! — האָט געזאָגט לאַלי און זיך צעלאַכט

מיט די זומערשפּרענקעלעך אַפן נעזל און שוין געוואָלט אָוועקגיין שפּילן אין מאַרבלס.

— ליסן, לאַלי, — האָט זי דזשימי אָנגעכאַפּט באַם רויטן צעפּל. — ליסן, איך בין נאָך ניט פאַרטיק.

— וואַי ? — פרעגט לאַלי לאַליפּאַפּ.

— ווייל אַזוי. „יו עס איי" אַז מע לייענט דאָס אַף לאַטיין מאַכט „אוסאַ !" — אַ סאַ אַמעריקע דאָס איז ! דאָס קען הייסן, „אַ אַזאַ יאָר אַף די באָסעס ווי זייער אַמעריקע זעט היינט אויס. אַז קיין אַרבעט איז ניטאָ, און קיין ברויט איז ניטאָ און קיין פרייהייט איז ניטאָ." און עס קען אויך הייסן, „אַ סאַ טייערע אַמעריקע דאָס וועט זיין, אַז ס'עט זיין באַ די אַרבעטער אין די הענט." פאַרשטייסט וואָס מ'רעדט צו דיר, לאַליפּאַפּסיק ?

— שור. אַ ביסל. אַ האָל לאָט. איי דאָנט אָנדערסטענד, דאָנט באַדער מי... לאָז אָפּ מיין צעפּל, דזשימעלע . . .

— ליסן, — האַלט זי דזשימי צו, — ציפערן קענסטו לייענען?

— וואָדען? שור! איך קען ניט? סאַטשאַ פראַגע!

— סאַטשאַ פראַגע! — קרימט איר דזשימי איבער. — מ'דאַרף זאָגן: „אַזאַ פראַגע איינע." הא, לערער?

— מ'דאַרף זאָגן: „סאַראַ פראַגע!" — זאָגט דער לערער.

— ריכטיק, — זאָגט דשימעלע, ווי ער וואָלט אויסגעבעסערט דעם לערער און ניט דער לערער אים. און צו לאַלין ווידער:

— דו ווייסט, לאַלטשיק, אַז אַפילע אין ציפערן — וואָס מער צוזאַמען אַלץ מער באַדייטונג האָבן זיי.

— וואַי? — פרעגט לאַלי.

— ווייל אַזוי, — זאָגט דזשימי. — נעם, אַ שטייגער, דעם ציפער 8. וויפיל איז צוויי מאָל 8, לאַלי?

— צוויי מאָל 8, — זאָגט לאַלי און ווערט רויט און נעמט ציילן אַף די פינגער, — צוויי מאָל 8 איז זיבן, אַכט, ניין, צען, צוועלף; דרייצן — דרייצן! — גיט זי אַ שפּרונג אונטער.

— ניט געטראָפן! — זאָגט דזשימי. — צוויי מאָל 8 איז 16. דאָס הייסט אַז די צוויי אַכטן זיינען באַזונדער איינער אונטערן אַנדערן אַזוי־אַ: 8
8

זיינען זיי ניט מער, ווי טאָפּלט ווי אַז זיי זיינען באַזונדער. אָבער אַז מע שטעלט זיי איינער לעבן דעם אַנדערן אָט אַזוי־אָ: 88, וויפיל איז דאָס, לאַלי?

— אַכט און אַכציק, — זאָגט לאַלי.

— ריכטיק! — זאָגט דזשימעלע. — און וויפיל איז דריי מאָל אַכט, לאַלי?

— דריי מאָל אַכט, — זאָגט לאַלי, — דריי מאָל אַכט איז זיבן, אַכט, ניין, צען, צוועלף, פופצן, ניינצן, איין און דרייסיק מיט אַ ... מיט אַ ... — זי נעמט אַריין אַ פינגערל אין מויל אַריין און פאַרטראַכט זיך אַ רעגע. — מיט אַ ... מיט אַ פערטל! איאָ, געטראָפן?

— דאָמבעל! — זאָגט דזשימי. — דריי מאָל אַכט איז אַקוראַט אַזויפיל ווי אַכט מאָל דריי. וויפיל איז אַכט מאָל דריי, לאַלינקע?

— אַכט מאָל דריי, — זאָגט לאַלי און פאַרטראַכט זיך, — אַכט מאָל דריי? ... אוהאַ, אַכט מאָל דריי איז שוין פלענטי. מע קען דאָס גאָרניט אויסרעכענען ...

— קע־פּע־לע! — זאָגט דזשימעלע און גיט לאַלין אַ ריר מיטן פינגער אין שטערן. — גיי לייג זיך שלאָפן.

— ווהאַי? — פרעגט לאַלי.

— ווייל אַכט מאָל דריי באַטרעפט אַקוראַט 24, און דריי מאָל אַכט, אויך אַזוי.

— ניט לעצטע וואָך! — זאָגט לאַלי... און אַלע צעלאַכן זיך. — לעסט וויק, — מאַכט זי, — האָט עס באַדאַרפן מער ...

— באַטראָפן מער, — פאַריכט מען איר.

— יעס, — זאָגט דזשימי, און ער ווענדט זיך שוין צו די אַנדערע קינדער אין קלאַס. — אָבער אַז מע שטעלט אוים אַלע דריי אַכטן מיט אַמאָל: 888, איז עס שוין אַכט הונדערט מיט אַכט־און־אַכציק!

— סאָם דזשאַמפּ! — זאָגט לאַלי. — פון 24 ביז ... האָר־מאַטש?

— 888! — זאָגט מען איר.

— אַלבעטשע, — זאָגט לאַלי און קייעט אַ לאַליפּאָפּ, — אַז מער ווי דאָס איז שוין ניטאָ אין דער גאַנצער וועלט.

אָבער „דזשימי דער אַגיטאַטאָר" קוקט זיך ניט אום אויף לאַלים קינדישע רייד. ער ווייסט אַז זי איז אַ נייע שילערן און ניט זייער קיין פּויאיקע, נאָר דער לערער וועט זי שוין אויס־לערנען. ער דערקלערט בלויז:

— איר זעט: דריי אַכטן זיינען געשטאַנען באַזונדער, אָדער איינס אונטער ס'אַנדערע, ווער זיינען זיי געווען? גאָרניט! אַ זשמענקע! 24! צוויי דאָזן! אָבער אַז מע שטעלט זיי צונויף אויף אַ יונייטעד פראָנט, ווערט שוין טאָקע 888! ס'איז שוין אַ כילעק אַ ביסל, האַ?

— דאָס הייסט, אַז אַלע אַרבעטער דאַרפן זיך פאַרייניקן?
— פרעגן די אַנדערע קינדער, וועלכע האָבן זייער ליב דזשימעלען פאַר זיינע קלוגע אַגיטאַציעס, וואָס פאַרינטערעסירן אַלעמען.

— געוויס, — זאָגט דזשימי. — און איצט, מאַכט ער, וועל איך אייך ווייזן נאָך אַ קונץ. וויפיל איז אַ העלפט פון 8?

— 4! 4! — שרייען אַלע, אַפילע לאַלי אויך.

— איז 4, האַ? — זאָגט איבער דזשימעלע און די אויגן ברענען באַ אים. מע זעט, אַז ער גרייט זיך עפּעס אויף אַ קונץ. נאָר קיינער ווייסט ניט וואָס, און קיינער קען ניט טרעפן.

— ס'איז מיסטאָמע עפּעס אַ נייער פּעטענט, — זאָגט פּיוווי,
— ערשט צוגעטראַכט.

דזשימי גייט צו געלאָסן צום טאָוול און שרייבט אָן מיט

קרייד אַ גרויסן ציפער 8, אָט אַזוי־אָ **8**

ער רופט־צו לאַלין און זאָגט:

— לאַלי, וויש אָפּ אַ העלפט פון דער אַכט.

— דאָס אונטערשטע רינגעלע, פרעגט לאַלי, — צי דאָס אויבערשטע?

— קיין כילעק ניט, — זאָגט דזשימי, — וועלכע דו ווילסט.

— אויב אַזוי, וועל איך אָפּווישן אַ ביסל פון אונטן און אַ ביסל פון אויבן, — זאָגט לאַלי לאַליפּאַפּ.

— ניין, ניין, — זאָגט דזשימי, — נאָר אַ העלפט, אַקוראַט אַ העלפט, האָט מען געשמועסט.

אַלע קוקן פאַרכידעשט אַ גוואַלט, און לאַלי ווישט אָפּ דאָס אויבערשטע רינגעלע פון דער 8 און עס בלייבט O

— וויפיל איז דאָס איצט? — פרעגט דזשימעלע דער אַגיטאַטאָר.

— איצט, — זאָגן די קינדער, — איז עס אַ נול, אַ זיראָ... אַ גאָרניט...

— נו, זעט איר שוין, — זאָגט דזשימי, — אַז אַפילו אין אַריטמעטיק איז ניט טאָמעד אַ העלפט פון 8 — 4! און דאָס באַווייזט, — זאָגט דזשימי, — אַז וואָס מער מ'איז צעטיילט אַלץ ווייניקער באַדייטונג האָט מען. אַפילו לויטן באַשטימטן כעזשבן און אַז אַכט אַכטערס, מאַכט ער, איניינעם . . .

דזשימי צעשמייכלט זיך, דערמאָנט זיך אין עפּעס:

— ווער קען זאָגן אין דער גיך אַכט מאָל „אַכט אַכטערס מאַכט ער און לאַכט ער" . . .

אַלע פּרואוון זאָגן אין דער גיך „אַכט אַכטערס מאַכט ער און לאַכט ער" און סע קומט אַרויס זייער קאָמיש און אַלע לאַכן טאַקע און „האָבן אַ גוטע צייט" (אַזוי זאָגט לאַלי), נאָר דער לערער דערמאָנט די קינדער, אַז אַף אידיש „האָבן אַ גוד טיים" הייסט אַז מע פאַרברענגט זייער גוט.

אַלע לאַכן און זיינען צופרידן, וואָס זיי האָבן אַזאַ גוטן לערער און וואָס ער לאָזט שפּילן אַזוינע אינטערעסאַנטע שפּילן.







# אין גאָלדענעם לאַנד

אין האַרבסטיקער נאַכט, אַף אַן איינזאַמען פעלד,
אַן פריינט און אַן האָפענונג, אַן ברויט און אַן געלט,
געפּלאָגט פון דעם הונגער, געפּייניקט פון שרעק —
עס ציט דאָרט אַ שאָטן, אַ טונקעלער פלעק.

ווער איז ער דער שאָטן, וואָס וואַנדלט אין נאַכט?
עס ענטפערט דער ווינט: „אַ מענטש" — און ער לאַכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַף טייערע קישנס פון סאַמעט און זייד,
געשמייכלט, געצערטלט פון פּריצישע לייט,
געקושט פון דער ווירטן, געגלעט פון דעם ווירט,
און רייכע מייכאָלים אים ווערן סערווירט.

ווער איז עס, וואָס לעבט דאָרט אין גלאַנץ און אין פּראַכט?
עס ענטפערט דער ווינט: „אַ הונט" — און ער לאַכט.

זיבן-און-פערציק

# זיי הייסן

האָב איך אַ מומע, הייסט זי מ י ר ק ע,
דינגט זי זיך באַם קויפן, רופט מען זי ק ו ש נ י ר ק ע.

האָב איך אַ ברודער, הייסט ער מ י י ע ר,
דרייט ער זיך און טוט ניט, רופט מען אים ד ר י י ע ר.

האָב איך אַ לאַנדספרוי, הייסט זי כ אַ נ ע־ס אָ ר ע,
סאָפּעט זי פון גראָבקייט, רופט מען זי ק אַ נ אַ ה אָ ר ע.

האָב איך אַ שוואָגערל, מיסטער ג ל י צ ע ר,
שטאַמלט ער אַ ביסל, רופט מען אים ב ע ק י צ ע ר.

האָב איך אַ קאָזין, סקעבט ער אין די בראָנקס,
איז ער וואָס ער איז, רופט מען אים ס ק אַ נ ק.

האָב איך אַ פעטער, הייסט ער מ ע נ אַ כ ע ם,
רעדט ער דורך דער נאָז, רופט מען אים פּ נ י ע כ ע ם.

כ׳האָב לאַנדסלייט אומעטום, הייסן זיי פּ ר אָ ל ע ט ן,
זיי רוף איך ניט קיין צונעמען — דאָס קענט איר זיך שוין וועטן.

# דער היצקאָפּ

— היינט איז מאָנטיק! — האָט געזאָגט עליע, — ניט אַנדערש ווי מאָנטיק! (עס איז געווען זונטיק פאַרנאַכט.)

— אָבער וואָס רעדט איר? — האָט געזאָגט יאָסל, — מאָנטיק גאָר? איר ווייסט דאָך, אַז היינט איז זונטיק.

— איז יאָ, האָ? — האָט זיך עליע געהיצט און אָנגעהויבן דעבאַטירן, דיסקוטירן, אַרגומענטירן, שוויצן, געוואַלדעווען, איינלייגן וועלטן, ציטירן דעם און יענעם שרייבער — אַזוי שאָ נאָך שאָ, ביז — עס איז טאַקע געוואָרן מאָנטיק.

— היינט איז מאָנטיק! — האָט געזאָגט עליע. — ווען די גאַנצע וועלט זאָל זיך אַפילע שטעלן אַפן קאָפּ וועל איך אַלץ טיינען איינס, אַז היינט איז מאָנטיק.

— ריכטיק! — האָט געזאָגט יאָסל — היינט איז מאָנטיק.

— נו, זעט איר שוין, — מאַכט עליע, — אָט זאָגט איר אַזוי און אָט זאָגט איר אַנדערש... איר דרייט מיט דער צונג...

האָט מען ווידער אַזוי לאַנג געטיינעט און אַרגומענטירט ביז עס איז אַוועק נאָך אַ טאָג און עס איז שוין געוואָרן דינסטיק.

— אָבער היינט איז מאָנטיק און באַסטאַ, און מאַטערט מיך נישט! — האָט געשריגן עליע שוין אַ הייזעריקער...

— היינט איז דאָך אָבער פאַרט דינסטיק! — האָט געזאָגט יאָסל, און גוטמוטיק געשמייכלט.

— אָ, מיט אייך איז ניט צו טיינען, — שרייט עליע און רייסט זיך די האָר פון קאָפּ און שפּריצט אַש מיט רעציכע. — אָט ערשט זאָגט איר, אַז עס איז זונטיק און אַז איך דריק אייך צו צו דער וואַנט, גיט איר שוין צו אַז עס איז מאָנטיק. דערנאָך דרייט איר ווידער צוריק און טיינעט, אַז עס איז דינסטיק. אויסגעהאַלטנקייט וואו איז? אָט וואָס איך האָב גע־וואָלט ווייסן... — נאַר טאַ, — מאַכט עליע, גיי זוך באַ היצקעפּ אויסגעהאַלטנקייט.




ניין-און-פערציק

# ווי אַ קעניג לעקט האָניק

אינעם לאַנד כוירעז איז געווען אַ קעניג, וואָס האָט געקעניגט בלויז מאָנטיק און דאָנערשטיק. דינסטיק, מיטוואָך, פרייטיק און שאַבעס האָט ער אין גאַנצן נישט געקעניגט. זונטיק פלעגט ער זיך אַמאָל אַרויפכאַפּן אַף אַ שאָ צוויי אין דער קעניגערײַ און אָפּקעניגן אַף גיך, און אַוועקגיין אַהיים און זיך אַרומוואַשן און זיך זעצן לעקן האָניק פון אַ סלאָיעקל אַרויס...



אין לאַנד כוירעז האָט קיינער נישט געוואוסט, אַז דער קעניג קעניגט אַזוי ווינציק, און אַז די קעניגערײַ שטייט ליידיק פינף טעג אַ וואָך און מע צאָלט אומזיסט דירע־געלט. אַז דער קעניג לעקט האָניק פון אַ סלאָיעקל אַרויס — האָט אויך קיינער נישט געוואוסט, ווייל ער פלעגט דאָס טאָן ביש, בישטי, בישטיקע. די קייזערלעכע דינער פלעגן אַראָפּלאָזן די פאָרהאַנגען, אויסלעשן די ליכט, פאַרהאַקן די שלעסער, אַרײַננאָרן אַלע שאָטנס אין זעק אַרײַן און זיי אַרויסטרייסלען אין דרויסן אַרויס. דערנאָך פלעגט דער הויפּט־געזאַזאַ אַ מאַך טאָן „ענד־אַל־אַ־מאַר־שאַק־סים" — און דאָס איז געווען אַ סימען, אַז דער



קעניג מעג שוין אַריינ־
שטופּן די צ ו נ ג אין
סלאַיעקל און נאַשן . . .

אָבער אַ מענטש איז
נישט מער ווי אַ מענטש.

און אַ וועלט שלאָפט
נישט.

און ווענט האָבן אויערן.

איז מען געוואָר געוואָרן.

ו ו י אַ ז ו י איז מען גע־
וואָר געוואָרן? וועל איך
אייך דערציילן.

די קלוגע לייט פון לאַנד
כוירעז האָבן אונטערגשטעלט אַ שפּיאָן, וואָס האָט אונטער־
געוואָרפן דעם קעניג אַ סלאַיעקל מיט אַ שמאָל פּיסקעלע. וואָס
ווייסט דער קעניג? אַ סלאַיעקל איז אַ סלאַיעקל. שטופּט ער
צום ערשטן אַריין אַ פינגער (אַזוי פלעגן זיך די עלטסטע קעניגן
פון כוירעז פירן) און פאַרזוכט. זים? זים. פרעגט ער נישט
קיין סאַך און נעמט און שטופּט אַריין די צונג און — מע־ע, ער
קאָן זי נישט אַרויסשלעפּן צוריק.

שפּאַנט דער קעניג פון כוירעז אַרום אין זיין פּאַלאַץ. דאָס
סלאַיעקל טעלעפּעט זיך פאַרן מויל, און ער וויל עפּעס זאָגן
און קאָן נישט.

טרייבט מען צונויף די כאַכאָמים מיט אַ בייטש און מע
פייפט צונויף די שטערנזעער און מ׳זאָגט זיי:

— דער קעניג קאָן נישט אַרויסנעמען די צונג פונעם
סלאַיעקל — טוט עפּעס, ווייל ס׳איז ניט שיין, אַז אַ קעניג זאָל
אַרומגיין מיט אַ סלאַיעקל אַף דער צונג.



האָבן די כאַכאָמים מיט די שטערנזעער זיך גענומען רייבן די שטערנס מיט די פויסטן, אַז זיי האָבן שיר ניט אויסגעריבן לעכער, אָבער זיי האָבן גאָרנישט אויסגעטראַכט. האָבן זיי גע־נומען און פאַרהויבן די לאַנגע בערד אַף די הענט אַרויף — נעענטער צו די אויגן און געזוכט אין די בערד, עפּשער וועלן זיי ד אָ ר ט עפּעס געפינען, אָבער ס'איז געווען אַרויסגעוואָרפן.

אַ טאָג מיט אַ נאַכט זיינען די כאַכאָמים מיט די שטערנ־זעער געזעסן און געטראַכט, און געטראַכט און גאָרנישט אויס־געטראַכט. דערנאָך האָבן זיי געטרונקען קאַווע מיט סמעטאַנקע (סוויט-קרים), און ווידער גאָרנישט אויסגעטראַכט. דערנאָך האָבן זיי געגעסן האַליפּטשעס און ווידער גאָרנישט אויס־געטראַכט.

אַפן דריטן טאָג איז אַ קעניגלעכער שטאַפעט געקומען און געזאָגט :

— ווער פון די כאַכאָמים און די שטערנזעער עס וועט נישט קאָנען אויסטראַכטן עפּעס אַ פאָרטל ווי אַזוי צו ראַטעווען דעם קעניג, דער וועט מוזן קאַטשען אַרבעס מיט דער נאָז איבער דער גאַנצער שטאָט, אַהין און צוריק, אַנישט — אויפהענגען !

האָבן זיבן אַלטע כאַכאָמים געקאַטשעט אַרבעס מיט די נעז. די איבעריקע זיינען דערווייל געזעסן און געטראַכט, ווי אַזוי צו ראַטעווען דעם קעניג.

— שאַ, ווייסט איר וואָס ? — האָט זיך איין שטערנזעער אָנגערופן — לאָמיר נעמען דעם קעניג און אים אַוועקלייגן אין דרויסן, און אונטערלייגן אַ קאָוואַדלע אונטער זיין צונג און דערלאַנגען אַ קנאַק מיט אַ האַמער, און צעברעכן דאָס סלאָיעקל.

— און וואָס וועט זיין מיט דער צונג ? — האָט אַ כאָכעם געפרעגט.

— די צונג ? — האָט געזאָגט דער שטערנזעער — מיט דער צונג איז טאָקע ביטער.

— בע-בע-בע — ווען נישט די צונג ! ! — האָט געזאָגט דער עלטסטער כאָכעם און אַ שטופּ געטאָן אַן אַרבעסל מיט דער נאָז . . .

— עפּשער וואָלט מען — האָט זיך אָנגערופן אַ כאָכעם



אַ ביסל אַ זאַאיקעוואַטער — עפּשער וואָלט מען דעם קעקעניג אויסגעזעצט די צעציין, ווען ער קעקענען האַלטן ס׳סלאָיעקל אין מעמויל און קעקיינער זעזאָל נישט וועווסן?

די כאַכאָמים און שטערנזעער האָבן זיך איבערגעקוקט. די זיבן, וואָס האָבן געקאַטשעט אַרבעסלעך, האָבן אַרויסגעלאָזט אַ געלעכטערל און ווייטער געקערט די ערד מיט די שיינע בערד, און קיין אייצע איז נאָך אַלץ נישט געווען.

דערווייל האָט מען אין לאַנד כוירעז פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער קעניג לעקט האָניק. האָבן מיר איינמאָל אַוועק! און אַז דאָס, וואָס ער האָט געלעקט האָניק, איז אים נעבעך אויסגעפאַלן באָקאָם — האָבן מיר צווייִמאָל אַוועק! און פאַרוואָס קומט אים יאָ צו לעקן האָניק און אונדז נישט? — האָבן מיר דריי מאָל אַוועק!

די רעפּובליקאַנער האָבן באַלד אָנגעשאַרפט די מעסערס און זיינען אַוועק צום קעניג. און דער עלטסטער האָט אַ טופּע געטאָן מיטן פוס און אַ מאַך געטאָן אַף דאַטש, מיט אַ גראָב קאָל, קעדיי איבערצושרעקן דעם קעניג:

— וואָ האָבן זי די טררראָנע?

— אָלאָרטענלאָ שלייט ער דער טראָל! — האָט געענטפערט דער קעניג מיטן סלאָיעקל אַף דער צונג.

(דאָס האָט געהייסן — אָט-דאָרטן-אָ שטייט דער טראָן!)

— שאָקלט אים! — האָט באַפוילן דער עלטסטער, — שוין צייט, אַז דער קעניגלעכער טראָן זאָל זיך אָנהויבן שאָקלען!

די רעפּובליקאַנער האָבן גענומען שאָקלען דעם טראָן אַהין

און צוריק ביז זיי האָבן אויסגעבראָכן אַ פיסל. ערשט דעמאָלט האָבן זיי זיך באַרואיקט און זיינען אַוועק — עסן הייסע פלאַמ־פלעץ מיט פוטער.

אַוועק די רעפּובליקאַנער, זיינען אָנגעקומען די דאַמע־קראַטן און גענומען שרייען און פאָכען מיט די הענט:

— וואו איז ער, דער קעניג? וואָס הייסט דער קעניג לעקט האָניק, און מיר — נישט?

— איר לעטאָך וואָסכאָל געלוילט! — מאַכט דער קעניג, דאָס האָט געהייסן: „איר זעט דאָך וואָס איך האָב גע־פּויעלט!"

— יאָ געפּויעלט, נישט געפּויעלט — מאַכט דער אַסעמבלי־מאַן פון 39טן דיסטריקט, — דערוויל האָט איר געלעקט האָניק און מיר — נישט!

איז דער קעניג אַרויס אַפן גאַנעק, צוזויפגערופן זיינע שווער־און־שוויגער און אויך דעם אַלערהעכסטן אויפזעער איבער די קעניגלעכע האַקמעסערס, און אויך אַלע כאַכאָמים און שטערנזעער, און דער קעניג האָט געהאַלטן אַט אַזאַ מין רעדע מיטן סלאָיעקל אַף דער צונג:

„פליילט און בילגעל!

„מיל אַלע האַלעזאַל פאַרסאַמלט מיט דעם צלעק צו באַ־לאַכטן די לאַלע פון אולזעל לעליגלייך... איך גלויל מיילע פליילט און בילגעל, אַז ס'איז ליש לויטיק צו ריידל קאַסאַך... ס'איז וואָ, מיילע פליילט, אַז כאָ געלעקט האָליק, אָבער — ווייצו מיל וואָס איך האָל דאָס דערלעלט..."

אַז די קייזערלעכע שווער־און־שוויגער און דער אַלערהעכס־טער אויפזעער איבער די קייזערלעכע האַקמעסערס און כאַ־כאָמים און שטערנזעער האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי אויס־געבראָכן אין אַ גרויס געוויין, און האָבן אָנגעוויינט אַ גאַנצן יאַם. און דער קעניג האָט זיך אויפגעזעצט אַף אַ שיף און זיך געלאָזט איבער דער וועלט — מיטן סלאָיעקל אַף דער צונג און מיטן טאַם פון ג ע ו ו ע ז ע נ ע ם האָניק צווישן די געלע ציין, וואָס סטאַרטשען אַפּיר פון אונטער אַ קעלבערנער ליפּ.

פיר־און־פופציק




# ריווינגטאָן קאָרנער פּיט

אַף ריווינגטאָן קאָרנער פּיט
וואוינט אַן אַלטער, גרויער איד

דרייסיק יאָר שוין פּעדלט ער
און אַ פּושקאַרט רעדלט ער.

טשעסטנאַטס בראָט ער, סוויט־פּאָטייטעס,
„צוויי אַ ניקל, דזשענטס און ליידיס!“

היץ און קעלט און שניי און רעגן
גייען אום אַרום זיין וועגל.

שטייט דער גרויער, אַלטער איד
קאָרנער ריווינגטאָן און פּיט,

טענצלט אונטער אַף איין פוס
און ער קריגט זיך מיט זיין הוסט.

פּינק־און־פּופּציק

מיט אַ ניגונדל איצט גייט עס:
„הייסע, הייסע, סוויטפּעטייטעס . . .

בלאָזט אַ ווינט פון איסטסייד־ריווער,
לויפן מענטשן שנעל פאַריבער;

צוויי אַ ניקל — היים ווי פייער . . .
טשעסטנאַטס ברוינענקע מעכייע . . .״

יעדער טיף אין זיך פאַרנורעט,
אַנגעבויגן, אַנגעכמורעט.

ווי אַף אַקסלען שווערע זעק
שלעפּט מען דאָ די טעג אַוועק.

אַף אַ בייביקערידזש — קויל
פירט אַ אינגעלע אַ וואוילס.

אַלטע פרוי טראָגט פייערטעפּל —
שוואַרצן, גליענדיקן עפּל.

רוישן דורך די פעטע דאַמען,
וועלכע קומען דאָ צו סלאַמען.

טוריסט־באַס. אַ שטייפער גאַיד
ווייזט די וואונדער פון איסטסייד:

„רום און בעדרום אָנע טוילעטס
און דאָס יונגוואַרג באָרוועס, הוילע.״

אין אַ סטאָר מיט גריץ און פלאָמען
הענגט אין פענצטער בינטלעך שוואָמען

און זיי זאַפּן איין אין זיך
זאַטע בליקן, פרויען־פלירט.

וועטעראַן מעדאַל־באַדעקטער,
היפּערט, היפּערט אַף אַ שטעקן.

אַ פּאַליסמאַן בלוי געטונקען
שטייט אין קאָרנער אַנגעטרונקען.

זעקס־און־פופציק

האַלט זיך באַ אַ סלופּ און דרימלט —
ווייסע זון עס לאַכט פון הימל.

מיט אַ בייגל גרויע שטריק
גייט אַ ליינמאַן הין און קריק.

„ליין־אַ, ליין־אַ!״ אַזאַ ליד
פון אַ לעבן וואָס איז מיד.

אַלטוואַרג־פּעדלער (ווי צו זיך):
„אַלטע פּענטס און אַלטע שיך!״

צוויי־דריי טויבן פרום פאַרוואָרקעט
אַף דער שוועל פון בוטשער־סטאָרקע.

פּעסלעך מיסט עס גייען איבער —
באַ די גענעצדיקע שטיבער.

לעטער־קעריערס שאַרפער פייף
ציקלט זיך אַראָפּ, אַרויף.

אַף ריווינגטאָן קאַרנער פּיט
שטייט אַן אַלטער, גרויער איד.

שאָבט פאַרברענטע סוויטפּעטייטעס,
קלערט אַז „ביטער ווי דער טויט איז

די פּאַרנאָסע, דאָס שטיק ברויט —
ביטער, ביטער, ווי דער טויט.״

ס׳איז שוין שפּעטלעך שטאַרק צעפלאַמט
איילט די זון אַוועק פון דאַנט.

לעטער־קעריערס לעצטער פייף
בלייבט אין לופטן איינגעשרויפט,

בלייבט דאָרט הענגען ווי אַ רוף,
וואָס צעבלוטיקט האָט די לופט.

# אַ מייסע מיט אַ טשוואָק

אַמאָל איז געווען איינער. האָט ער זיך אַריינגעשטאָכן אַ טשוואָק אין פוס אַריין. פונעם פוס רינט בלוט. דער ווייטיק איז גרויס. הינקט ער אַוועק צום ערשטן צו אַ מעכאַשעף, נאָכדעם צו אַן אָפּשפּרעכער, נאָכדעם צום ראָוו, נאָכדעם צום אַדוואָקאַט, נאָכדעם צום מעלאַמעד, נאָכדעם צו אַ בלוט-נעמער. אַלע גיבן אים אייצעס.

איינער הייסט אים טרינקען הייסע מילך. אַ צווייטער הייסט אים זיך ציען באַ אַן אויער דריי מאָל אַ טאָג, אַ פערטער הייסט אים צינדן ליכט, אַ פיפטער הייסט אים פאָרן קיין קאַליפאָרניע, אַ זעקסטער הייסט אים פלאַנצן „פּיטשעס״ (פערשקעס), אַ זיבעטער הייסט אים, ער זאָל זיך שלאָגן אַן אָדער, אַן אַכטער הייסט אים כאַפּן אַ פלוי, וואָס האָט געביסן אַ קאַץ, וואָס האָט געביסן אַ הונט, וואָס האָט געביסן אַ

אַכט-און-פופציק



פערד, וואָס האָט געביסן אַ הונט, וואָס האָט געביסן אַ פערד, וואָס האָט געביסן אַ גאַנדז, וואָס האָט געביסן דעם מענטש מיטן טשוואָק אין פוס.

דער מענטש פּרואווט נעבעך די אַלע מיטלען. אָבער די צייט גייט אַוועק. דאָס געלט גייט אַוועק. דאָס געזונט גייט אַוועק. דאָס בלוט רינט אָפּ. און בעסער ווערט דערפון ניט.

איינמאָל הינקט ער אַזוי אַרום אין וואַלד אַריין, איבער־טראַכטן זיינע גרויסע יעסורים און דערביי טאַקע זיך קרעפּטיקן מיט דער גוטער לופט פונעם וואַלד. טרעפט ער אַ פּאַסטעכל, וואָס פּאַשעט שאָף.

— גוט מאָרגן, פּאַסטעכל.

— גוט מאָרגן, ברודערל. איך זע, אַז דו הינקסט.

— יאָ, פּאַסטעכל, איך בין נעבעך אָפּ צאָרעס. דערפאַר טאַקע בין איך געקומען אין וואַלד אַריין עס איבערטראַכטן. אין דער שטילקייט טראַכט זיך בעסער.

— וואָס איז דיר, ברודערל?

— אָט ווי דו זעסט: אַריינגעשטאָכן זיך אַ טשוואָק אין פוס אַריין און איך בין, ניט פאַר דיר געדאַכט, אויס מענטש. שוין איבערגעטאָן וואָס אין דער וועלט. און עס העלפט נישט. די וואונד ווערט אַלעמאָל ערגער. דאָס גאַנצע לייב, נישט פאַר דיר געזאָגט, ווערט באַ מיר בראַנדיק, פּאַסטעך לעבן, און דעם לעצטן גראָשן, וואָס איך האָב געהאַט, האָב איך שוין אויס־געגעבן אָף היילמיטלען און אָף דאָקטוירים. אָף אָפּשרעכערס און אָף בלייי־גיסערס, אָף גאַלאָכים און אָף פּסיכאָלאָגן...

דער פּאַסטעך האָט גע־נומען דעם קראַנקנס פוס אין דער האַנט אַריין, אים באַטראַכט פון אַלע זייטן, געזשמורעט מיט די קלוגע אויגן און געזאָגט:



נײַן־און־פופציק

— ווען איך בין דו, ווייסטו וואָס איך וואָלט ג ע ט אָ ן, ברודערל?

— וואָס?

— איך וואָלט אַרויסגענומען דעם טשוואָק פון פוס און איך וואָלט זיי אַלעמען געהאַט אין דר'ערד.

— אוי, אַ לעבן אַף דיר! — מאַכט דער קראַנקער, און דאָס פּאָנעם לייטערט זיך בײַ אים אויס — דאָס איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן.

דער קראַנקער האָט אַרויסגענומען דעם טשוואָק, אַוועקגעוואָרפן ד קוליע און גענומען לויפן אַהיים, דערציילן זיין ווייב און קינדער די גוטע בסורע, ווי ער איז געראַטעוועט געוואָרן פון אַ גרויס אומגליק דורך די רייד פון אַ פּאַסטעכל, אוי אַ פּאַסטעכל, אַ פּראָסט־פּאָשעט פּאַסטעכל.



# מיר גייען אַף יאַגד


יך האָב אָנגעטאָן אַ ספּאָרט-העמד פאַר 59 סענט, גענומען אין האַנט אריין די נע־שאַמע, אַ ביקס, עטלעכע קאַנאָנען, אַ פּאָר פּושקעס מיט עסנוואַרג, אַ קאַמערא, אַ פלײשיק מעסער אַף צו טרייבערן די בעהיימעס, עטלעכע יעגער און כ׳בין אַוועק אין די ווילדע וועלדער פון די אַדיראָנדאַקס.

ס׳איז געווען אין אָנפאַנג יוני - יולי - אַגוסט - סעפּטעמבער. דאָס וועטער איז געווען קאַלט, דערשטיקט צו ווערן. פון מיין פּאָנעם איז גערונען אַ פאַרפראָרענער שוויס, וועלכער איז אַראָפּגעפאַלן אַף דער ערד, אַזוי ווי אַגרעסן...

די לעזער מוזן אומבאַדינגט וויסן, אַז אַכוץ מיר און כאַוועד פענצטער איז נישטאָ אין אַמעריקע קיין אידישע יעגערס. דאָס הייסט, יעגערס זיינען פאַראַן גענוג, אָבער נאָר אַזעלכע, וואָס לויפן אין דער פאַרקערטער ריכטונג פון די הירשן און יאַם־קאָטערס...

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט באַ אַ קרעטשמע לעבן וואַלד. מיר האָבן גענומען די קאַנאָנען אונטער די אָרעמס און זיינען אַוועק שיסן עטלעכע טיגערס.

ס׳איז געווען אין מאָנאַט יוני-יולי-אַגוסט-סעפּטעמבער. דער הימל איז געלעגן פון אויבן איבער אונדזערע רויטע יעגער־היטלען. און צווישן אונדזערע נאַקעטע פיס און דער ערד האָבן זיך געפונען דריי פּאָר וואַרעמע שקאַרפּעטקעס, וועלכע יעדער יעגער מוז האָבן באַ זיך, אויב ער וויל ניט ניסן און איבער־שרעקן די צאַרטע כייעס.

אַ זעקס-זיבן שאָ זיינען מיר אַזוי אַרומגעגאַנגען אין וואַלד,

באַטראַכט ס'האָלץ, געטרונקען וואַסער און אין אַלגעמיין האָבן מיר זיך געהאַלטן אַזוי, אַז די כייעס זאָלן הערן, אַז מיר זיינען דאָ און זאָלן אונדז קומען זען.

— איר'ט זיין אַזוי גוט און שיסן צום ערשטן, כאַווער פענצטער.

— כ'על שיסן! — האָט געזאָגט כאַווער פענצטער און גע־נומען פינטלען מיט די אויגן...

און דער יונגער יעגער כאַווער גראַפּער האָט געזאָגט דרייסט:

— מירן זיי שיסן, ווי די הינט, איינס נאָך איינס! און דערנאָך וועלן מיר זיי פאַרקויפן די כאַווײרים פון דער רעדאַקציע „מאָרגן־פרייהייט" צו אַכצן סענט אַ פונט, וועלן זיי האָבן אַף סענדוויטשעס צווישן די מאָלצייטן.

— גוט — האָב איך געזאָגט — אַזוי לאַנג ווי איך האָב לעבן זיך אַזעלכע צוויי יעגער, איז גוט!

באַ די דאַזיקע ווערטער האָט זיך באַוויזן אַן עלטערער בער מיט אַן אויסגעקראַכענער פעל, וועלכער איז נעבעך געווען פאַרקילט און געהוסט.

— שיסן! — האָב איך געגעבן אַ קאָמאַנדע.

— שיסן? — האָט געפרעגט כאַווער פענצטער.

— מ'דאַרף שיסן? — האָט זיך געכידעשט כאַווער גראַפּער.

דערווייל, ווי מיר זיינען געשטאַנען און געהאַלטן אַ מיטינג, איז דעם בער געוואָרן צו לאַנגווייליק, איז ער אַוועק. און מיר — האָבן זיך מעכייע געווען.

באַלד איז געוואָרן טונקל אין וואַלד, און מיר האָבן זיך געכאַפּט, אַז מיר שטייען אין דרויסן...

— לאָמיר נעמען בלאָנדזשען! — האָב איך געזאָגט. — עס פּאַסט ניט פאַר יעגער אַהיים צו קומען גלאַט אַזוי...

ווידער האָבן מיר גענומען באַטראַכטן דיביימער און ווידער האָבן מיר דערזען אַ כייע — דאָסמאָל אַ — טיגער!

— ניט טשעפּען! — האָב איך געגעבן אַ באַפעל און גענומען לויפן...

— ווער טשעפּעט דען? — האָט געשריען כאַווער פענצטער



און איז מיר שיר ניט אַריבערגעפאַלן איבער דער פּלייצע.

— איך טשעפּע ניט! — האָט געזאָגט כאַווער גראַפּער און גענומען כאַלעשן...

מיר האָבן אים אַרויסגעפירט פון וואַלד — מיט אַ גוואַלטיקער שנעלקייט.

אַז מיר זיינען געקומען אַ ביסל צו זיך, האָט כאַווער פענצטער באַמערקט:

— ס'איז עפּעס טאַקע אַ גרויס וואונדער, וואָס מיר האָבן זיך געראַטעוועט.

— אַזוי גיך, ווי איך קום אין שטאָט אַריין, גיב איך פינף טאָלער פאַר דער „מאָרגן-פרייהייט“ — האָט כאַווער גראַפּער זיך געריבן ס'האַרץ מיט עסיק...

— איך האָב אָבער געזאָגט, אַז איר זאָלט ניט טשעפּען דעם טיגער! — האָב איך זיך באַרימט מיט מיין טאַקט אין דעם העכסט-קריטישן מאָמענט.

— און איצט לאָמיר גיין אַהיים, כאַווײרים! — האָט כאַווער גראַפּער געמאַכט אַ דירעקטן פאָרשלאָג. — גענוג. זאָגט ער, צו האַרגענען כייעס... נאָך אַלעמען, זאָגט ער, איז אַף זיי אויך אַ צאַרבאַלעכייעס...

מיר האָבן גענומען מאַרשירן צוריק. אַפן וועג האָבן מיר באַגעגנט אַ האָן.

— שיסן! — האָב איך געגעבן אַ קאָמאַנדע.

— לאָמיר אים צוערשט כאַפּן! — האָט געזאָגט כאַווער פּענצטעער און זיך גענומען יאָגן נאָכן האָן.

— מירן אים בעסער שעכטן! — האָט געזאָגט כאַווער גראָפער — וועלן מיר אים קאָנען אַליין עסן. איך בין, זאָגט ער, הונגעריק, ווי אַ הונט...

ענדלעך האָבן מיר געכאַפּט דעם האָן און אים געשאָכטן אַף טויט.

אַז מיר זיינען צוריקגעקומען, האָט מען אונדז געפרעגט:

— נו, עפּעס געכאַפּט?

— געכאַפּט! — האָב איך געזאָגט. — געכאַפּט אַ שרעק־לעכע פאַרקילונג...

— אויב אַזוי, לייגט זיך אַריין אין בעט און נעמט שוויצן! — האָט געזאָגט דער פאַרמער.

איך האָב זיך באַלד אַריינגעלייגט אין בעט אַריין, זיך אויס־געשוויצט און ס'איז מיר בעסער געוואָרן.



# אַרבעטער וויג־ליד

ליוליענקע, נעשאָמע מיינע,
טאַטע איז אין סטרייק;
ער און פיל כאַווירים זיינע,
טויזנט אַרבעטלייט.

ליוליענקע, עס פליען קראָען,
פליען אין דער פּאָר;
סטרייק וועט קירצן אַרבעטס־שאָען,
לענגערן די יאָר.

ליוליענקע, מיין קרוין אין וויגל,
נאָכעם מיינער, שאַ;
ס'איז אַף שלאָס און קייט פאַריגלט
הונגעריקער פּאַ.

און ער קוקט אַצינד דורך קראַטן,
טראַכט פון דיר, מיין קרוין;
דו און איך און אויך דיין טאַטע
זיינען דער האָמוין.

דו און איך און מיר און אַלע
אַף דער פּיקעט־ליין,
און אַז הונדערט טויזנט פאַלן
אינעם קאַמף פּאָר זיין —

אומדערשעפּלעך, פויגל מיינער,
איז דער קעמפער־יאָם;
ווי פון זון דאָס גרויסע שיינען,
ווי דער שטערנפלאָם.

פינף־און־זעבציק

שלאָף נעשאָמע, שלאָף מיין נאכעס,
וויין ניט, קינד, נו שוויג;
ס׳וועט דער טאַטע שיינע זאכן
ברענגען פונעם סטרייק.

ער וועט ברענגען נייע שיכלעך,
פלעשעלעך מיט שמאַנט;
בלעטעלעך פון יוניאָן-ביכלעך
רוישן אינעם לאַנד.

רוישן ווי די פליגלען פרייע,
ווי דער ווינט מיט גאָלד;
אזא צייט איז איצט אזא נייע,
א פאַריינטער פראָנט.

ליוליענקע, דיין מאַמעס הארץ איז
באַ דיין וויג פאַרטראַכט;
ניט מיט רויזן, ניט מיט נאַרציז
טריפט אַצינד די נאַכט.

זילבערנע פולווער-טראָלדן,
רויזן פון שראַפּנעל;
די מילכאָמע, קינד מיין גאָלדנס,
טונקלט שוין די שוועל.

שלאָף-זשע, קינד מיינס, וואַקס געשווינדער
אַף מיין בוים — דו צווייג;
אַלע אַרבעטאָרערס קינדער
גייען אַפן שטרייט.

ליוליענקע, די פאָנען ווייען,
אונדזער קאַמף מאַרשירט;
איינגעשלאָסן אין די רייען —
זיגן מוזן מיר.

זעקס-און-זעכציק

# אַ פּויק פֿאַר פּיאָנערן

שפּיל אָפּ די הויט פֿון אַלטער זון
און מאַך דאַפּון:
אַ פּויק פֿאַר פּיאָנערן,
אַ פּויק פֿאַר פּיאָנערן.

„וועק—וועק—וועק“
אַרמייאישע טריט.
דער וואָס אַרבעט,
דער גייט-מיט.
וואָס זאָגט די פּויק?
די פּויק זאָגט אָן,
„אַ האַנט פֿאַר צאָן,
אַ קאָפּ פֿאַר אויג.“
וואָס ברומט די שאַכט?
וואָס ברילט דער שאַפּ?
„די גאַנצע מאַכט
דעם אַרבעטקלאַס!“

„וועק—וועק—וועק“
אַף פּויקס רוף
ווערן גאַסן אָנגעקוואָלן:
רויטע אַרמייער — יונג און אַלט,
פּיאָנערן, קאָמסאָמאָלן,
גייענדיקער מענטשנוואַלד.
קעפּ אַף קעפּ, און פֿאָנען העכער,
פֿאָן איז פֿלאַם,
און זיג איז זיכער.
דער פֿיינט, ער יאָגט

אין גרויס דעבאַקל,
עם ברייט זיין טראַט
דער רויטער פאַקל.

גרייט זיך, גרייט זיך,
פּיאָנערן.
קיין שום שטרויכלונג
זאָל נישט שטערן.
אַלע, אַלע,
קליין און גרויס,
און די גליקלעכסטע
פאָרויס!



# פאַרוואָס דער וואַלפיש האָט אַזאַ גרויסן האַלדז

(אנטקיפלינגט)

אינעם יאַם — שוין לאַנג דאָ אין דעם — אָ, ליבע קינדער מיינע, איז געווען אַ וואַלפיש, וואָס האָט געטאָן לעבן פון פישפרעס.

ער האָט געגעסן האַרפיש און נאַרפיש, קרומפיש און שטומ־פיש, אָקענעס און באָקענעס, דאַרענקעס און סטאַרענקעס, פלאַטיצעס און קראַטיצעס, קאַרפּן און שטאַרפּן, קורעסלעך און שטורעסלעך, ראַקעס און פראַקעס, שלינקען און שלייען, העכטן און קנעכטן, און סאַמע עמעסדיקע שווערד־פיש.

אַלצדינג, וואָס דער יאַם האָט אים אונטערגעטראָגן, האָט ער געגעסן מיטן מויל זיינעם — האַם! אָט־אַזוי־אָ! ביז סאָף קאָל סאָף איז אין גאַנצן גייענדיקן יאַם ניט געבליבן מער ווי איין קליין־ברעקל־פיצל־פישעלע.

לאָמיר אַלע אַזוי געזונט זיין, ווי מיר זאָגן קיין ליגן ניט, עס האָט טאַקע געהייסן פישעלע.

אָט דאָס קליין־ברעקל־פיצל־פישעלע איז זיך געשוואומען אַ קליין ביסעלע הינטערן וואַלפישס רעכטן אויער, וואָרים וואָס זיכער איז זיכער ז י כ ע ר ע ר, ווי וואָס נ י ש ט זיכער.

פלוצים האָט זיך דער וואַלפיש אַ שטעל געטאָן אַפן עק און אַ מאַך געטאָן: „כבינינגעריק." וואָס אַף איינציקע ווער־טער וואָלט עס געהייסן: „איך בין הונגעריק." און דאָס קליין־ברעקל־פיצל־פישעלע האָט געענטפערט אַף אַ קליין־ברעקל־פיצל־קעלכל:

— נאָבלדיקער און אַ ג ו ו א ל ד י ק ע ר וואָלפּיש, האָסטו אַמאָל פאַרזוכט דעם טאַם פון מענטש-פלייש ?

— ניין ! — האָט געזאָגט דער וואָלפיש, — „סעפּעסגוט ?"

— שקאָשע ! — האָט געענטפערט דאָס קליין-ברעקל-פיצל-פישעלע. — נאָר ס׳איז אַ קליין קאַפּעלע האַפּסעדיק.

— גוט ! -- האָט געזאָגט דער וואָלפיש, — ברענג מיר אַ פּעסל מענטשן ! — און באַ די דאָזיקע ווערטער האָט ער צעפּאַטשט דעם יאַם מיטן עק — אַז ס׳איז אַזש געגאַנגען אַ ווייסער שוים.

— א י י ן מענטש אַף א מ א ל איז איבערגענוג ! — האָט געזאָגט דאָס קליין-ברעקל-פיצל-פישעלע. — הערזשע-מעכוים ! אַז דו וועסט אַ שווים טאָן פופציק ברייט-צייכנס קיין צאָפן און פופציק לענג-צייכנס קיין מיירעוו (דאָס איז אַזאַ מין פאַרבלענדעניש), וועסטו אַף אַ שווים-ברעט אין מיטן יאַם, מיט אַ פענמעסערל אין האַנט, אָנגעטאָן אין גאַרנישט-נישט, אַ כוץ אַ פּאָר דרילעכענע הויזן און אַ פּאָר שלייקעס (דו מוזט נישט פאַרגעסן די שלייקעס, אַ ליבער מיינער !) טרעפן אַ מאַטראָס, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון אַן אונטערגייענדיקער שיף, און וואָס איז בעטעווע אַ מענטש פון סאַמע כאָכמע און סייכל, קלוג ווי דער טאָג און זייער גוט צו עסן.

האַקלאַל, דער וואָלפיש האָט גענומען און זיך אויפגעהויבן און זיך אַוועקגעלייגט און אַוועקגעשוואומען צו די געוויסע פופציק בריימצייכנס און פופציק לענגצייכנס קיין מיירעוו, גע-שוואומען און געשוואומען און געשוואומען נאָך אַ ביסל, אַזוי לאַנג און ברייט, ביז וואַנען ער האָט דערזען אַף אַ שווים-ברעט אין מיטן יאַם (מיט אַ פענמעסערל אַ האַנט) אַ מאַטראָס, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון אַן אונטערגעגאַנגענער שיף, זיצט און מאַכט מיט די פיס אין וואַסער — ווי מיט וועסלעס (זיין מאַמעשי, זאָל געזונט זיין, האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער טאָר אַזוי טאָן, אַנישט וואָלט ער אַוודע אַזוי נים געווען געטאָן, ווייל ער וואָלט ניט געווען געטאָרט !).

איז געגאַנגען דער וואָלפיש און האָט אַן עפן געטאָן די לעפצן זיינע — עט-עט צוריקצואוועגס, אַזוי ווייט, אַז ער האָט

שיר־שיר דערגרונטעוועט זיין אייגענעם עק, אַ מאַך געטאָן: האַם! און איינגעשלונגען דעם מאַטראַס מיט האַק און פּאַק און זאַק און טאַק און הויז און בלויז און מעסערל און שלעסערל — און דאָס איז דער איקער: די שלייקעס!. ער האָט אַלצדינג שיין־ריין־פיין אַריינגעשלונגען אין זיינע וואַרעמע טונקעלע בויך־שופּלעדלעך אַריין, דערנאָכדעם האָט ער זיך באַלעקט די לעפצן אַט־אַזוי־אַ, און האָט זיך דריימאָל אַ דריי געטאָן אַפן עק און — זיך צעכלעמעכעט מיט אַ גרויסן געלעכטער.

אַזוי גיך ווי דער מאַטראַס, וואָס איז געווען געפערלעך קלוג, האָט דערפילט, אַז ער איז אַ פאַרקלעמטער און צעפּלעמ־טער, האָט ער אַ פאַרשעמטער און ניט־פאַרקעמטער גענומען שפּרינגען און זינגען, האָפּקען און טאָפּקען, עכצן און קרעכצן, קריכן און שליכן, היסן און ניסן, פלעמען און קלעמען, פּאַטשן און קלאַטשן, יאָלדעווען און גוואַלדעווען, ברייען און שרייען, און געלאַכט מיט גרינע יאַשטשערקעס (דאָס האָט ער נאָך אַלעמען ניט באַדאַרפט צו טאָן), אַזוי אַז דער וואַלפיש האָט זיך געפילט זייער־זייער־זייער־זייער־זייער־זייער פריקרע. (פאַר־געסט ניט, כ'בעט אייך, די שלייקעס!)

האָט ער גענומען און אַ זאָג געטאָן צום קליין־ברעקל־פיצל־פישעלע:

— אָטאָ־דער־אַ מענטש איז זייער־זייער האָפּסנדיק. אַ כּוין דעם טוט ער מיר אין דער גאַל אַריין און כ'מוז, עווהאָפּ, שלוקערצן. וואָס טוט מען?

— זאָגט אים, ער זאָל אַרויסקריכן! — האָט געזאָגט דאָס קליין־ברעקל־פיצל־פישעלע.

האָט דער וואַלפיש געפאָלגט און אַרונטערגעשריען צו זיך טיף־טיף אין האַלדז אַריין:

— קריך אַרויס — העי, דאָרטן, און לאָז געמאַך. איך שלוקערץ, ניט פאַר דיר געדאַכט, זייער שטאַרק — עווהאָפּ!

— נעמטידירייטאַס! — האָט געענטפערט דער מאַטראַס,

— ניט געכאַפּט און מאַמיר צייט! דו שווים מיט מיר בעסער צו די ווייסע ברעגן פון לולעוולאַנד, וואו מיין היים איז, דער־נאָכדעם, הערסטו מיך, וועלן מיר זען!

און ער האָט גענומען טאָפּקען און האָפּקען נאָך שטאַרקער ווי פריער.

מיילע, דער וואַלפיש איז געשוואומען און געשוואומען, מיט שופּן און פליצן, מיט האַק און פּאַק און זאַק און טאַק, אַזוי שטאַרק ווי ער האָט נאָר געקאָנט — צוליב דעם שלוקערצן, וואָס ער האָט געשלוקערצט, ביזלוואַנגען ער האָט דערזען די ווייסע פעלזן-ברעגן פון לולעוולאַנד. דאָרט האָט ער גענומען און קימאַט ביז צום גאַרטל אַרויפגעשוואומען אויף די זאַמדן, פאַנאַנדערגעעפנט ס׳מויל און אַרונטערגעשריען צו זיך אין בויך אַריין:

— לולעוולאַנד! לעצטע סטאַנציע! דאָ בייט מען דעם צוג פאַר לעקישדאָרף און בעקישדאָרף, פאַר האַרגעבערג און שטאַרקעמערק, פאַר קכע ——

און ווי ער האָט אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט „קכע“, האָט דער מאַטראָס דערלאַנגט אַ שפרונג אַרויס מיט הויז און . . . אויס, און נישטאָ אים.

דאָס איז אָבער נאָך ניט דער סאָף פון אונדזער געשיכטע.

ס׳איז געווען אַזוי: אין דער צייט, וואָס דער גוואַלדיק קלוגער מאַטראָס האָט זיך געפונען אינעם וואַלפישס האַלדז, האָט ער מיט גרויס קלוגשאַפט גענומען ס׳פענמעסערל זיינס און צעשניטן ס׳שווים-ברעטל אויף לייסטלעך און גראַטקעס און פון דערפון צונויפגעשטעלט אַ מין גראַטעקעסטל און עס צונויפגעבונדן מיט די שלייקעס (איצט ווייסט איר שוין, צוליב וואָס מיר האָבן אויף אַ מינוט ניט געטאָרט פאַרגעסן די שלייקעס!) און ער האָט דאָס דאַזיקע גראַטעקעסטל אַריינגעשטופּט טיף-טיף אין וואַלפישס האַלדז און אָט-אַזוי-אָט איז עס דאָרט געבליבן שטעקן — ניט אַהין, ניט אַהער.

דערנאָך האָט דער גוואַלדיק קלוגער מאַטראָס זיך אַוועקגעשטעלט און געזונגען אויף זיין אייגן קאָל:

כאַלעמידן, כאַלעמויד —
וועסט ניט עסן מער קיין ברויט,
ניט קיין מענטש און ניט קיין פיש

װעט׳ן גרייטן דיר צום טיש.
פֿאַר דעם קעסטל מיט דער גראַטע, —
מוזטו צאָלן װי אַ טאַטע!

װאָרים דער מאַטראָס איז געװען אַ גװאַלדיק־קלוגער זינגער אױך. דערנאָכדעם האָט ער, װי מיר װײסן שױן, זיך אַרױס־געכאַפּט אין דרויסן אַרױס און איז אַװעק אַהײם צו זײַן מאַמעשי, זאָל לעבן, װעלכע האָט אים (װי ס׳איז אונדז באַקאַנט) אָנ־געזאָגט, אַז מ׳טאָר נוצן די פּיס פֿאַר װעסלעס און אַז ס׳איז קײן בושע ניט.

שפּעטער אַ ביסל האָט ער כאַסענע געהאַט, און אים לעבט זיך זײער גוט ביז אױפֿן הײַנטיקן טאָג.

דאָס נעמלעכע קאָן מען אױך זאָגן פֿונעם װאַלפֿיש, אַבוץ װאָס ער איז, זינט יענעם טאָג, ניט געװען באַם בעסטן געזונט און ניט געקאָנט שלינגען עפּעס אַנדערש, װי בלױז קלײנע־קלײנע פֿישעלעך (דאָס קלײן־ברעקל־פּיצל־פֿישעלע, װאָס האָט אים געגעבן די שײנע אײצע, האָט זיך נעבעך געװאָלט ראַטעװען, אָבער ס׳איז אַרײַן אין דער לינקער קעל).

און אַט־אָ דאָס איז דערװײַל דער סאָף פֿון אַט־אָ־דער גע־שיכטע, ליבע קינדער מײַנע. אַז ס׳עט זײַן נאָך, װעלן מיר אײַך דערצײלן.



# פירישקע־פיראַטן

פירישקע־פיראַטן,
זיבן זאַטע יאַטן,
פאָרן ווי די האַרן
אַף שיפן־סאַמאָווארן.

פירישקע־פיראַטן,
זיבן זאַטע יאַטן,
פירן גאָלד מיט שפייז
און אַ פעסל מייז.

עסן עסט מען אַלעם:
האַקמעסערס און כאַלעם,
און קאַלאַשן־צימעס
ווערט זיי גאָרנישט נימעס.

פאָרט מען, פאָרט מען ווייטער,
שטייט אַ קו מיט אייטערס.
(אייטערס האָט זי זיבן,
אַ האָר ניט איבערטריבן!)

נעמען אַלע מעלקן
די אויסטערלישע קו,
וואָס טראָגט אַ הוט און ברילן
און מאַכן מאַכט זי „מו".

מעלקט מען זיבן וואָכן,
ביז עס ווערט צעקראָכן
דער מעלקשאַף און די קו,
וואָס מאַכן מאַכט זי „מו".

נאָר פּירישקע־פּיראַטן,
זיבן זאַטע יאַטן,
זיינען גאָרנישט בייז,
ווייל זיי האָבן קעז.

מאַכט מען ווייסע קרעפּלעך
(גרוים ווי גאַנצע קעפּלעך)
און באָרשט אין גאַנצע זעק
מע רייבט אַף בײדע בעק.

פּירישקע־פּיראַטן,
זיבן זאַטע יאַטן,
ליולקעלעך אין מויל,
זאָגן: „אונדז אי וואויל!"

מיר פאָרן ווי די האַרן
אַף שיפן־סאַמאָווארן
דורך אינדזעלעך מיט פייגל
און בלויע האָניק־בייגל.

און ווי דעם שמעטערלינג
עס איז אונדז גוט און גרינג.



# די רויטע פּלייט

טוט אַ בלאָז די רויטע פּלייט,
הייסט עס, אַז דער סוינע גייט.
לאָזט מען דאָרף און שטעטל שטיין,
מוז מען אין די שלאַכטן גיין.

גייט מען, גייט מען אין די שלאַכטן,
זעלטן שלאָפט מען, שטענדיק וואַכט מען.
פענער זיינען בלעטער פייער,
האַרץ־קאָליר איז אַ געטרייער.

היים און היגע לאָזט מען איבער
און מ׳גראָבט זיך שיצנגריבער,
און דעם סוינע קאָסט עס טייער,
ווייל מ׳גיט אים שמעקן פייער.

טוט אַ בלאָז דער שטורעמהאָרן,
הייסט עס: „לאָזן קלינגען שפּאָרן!"
הייסט עס: „רייטער אַף די פערד!"
הייסט עס: „ראַטעווען די ערד!"

אונדזער ערד און אונדזער וועלט,
אונדזער הויז און אונדזער פעלד!
ניין, מיר לאָזן מער ניט רויבן
אונדזער קאָרן, ווייץ און טרויבן!

זעקס־און־זיבעציק



היידאַ, היידאַ, מיידל, אינגל!
ניט געדרייט דאָס שאַרפע צינגל,
נאָר געראַנגלט אין געראַנגל,
ווייל אין מענטשן איז אַ מאַנגל.

העי, גיבוירים, יונגע גוואַרדן,
מיט די האַמערס, מיט די באַרדן!
שאַרפע סערפּן שאַרפט מען שאַרפער,
ביקס און וואָרט און קוילנוואַרפער.

און פאָרוים און אויבנאָן,
פלאַמען וועט די העלע פאָן.
איבער דאָרף און איבער שטאָט,
קייקלען וועט דער טאָג זיין ראָד.

זיבן-און-זיבעציק

# מייזיס מאָרגנליד

עינאַ, מעינאַ, מיינאַ מאָ,
גוט מאָרגן, זון, כ׳בין שוין דאָ!

גוטער מאָרגן, ליבער הימל,
אויסגעשלאָפן, אויסגעדרימלט.

דו און איך: זון און מייזי,
ביידע זיינען מיר ניט לייזי.

הונגעריק אַצינדערט בין איך,
וועל איך עסן ברויט מיט מילך.

וועל איך עסן טאָג מיט ספּון
ווייסער טאָג, און געלע זון.

רונד דאָס איי איז ווי אַ וועלט,
דריי איך עס אין ביידע הענט.

מאַך איך קלאָמערשט ס׳דרייט די ערד
און מיין קעצל ליגט און הערט.

עינאַ, מעיאַנאַ, מיינאַ מיין,
צייט צו גיין אין שול אַריין.

אכט־און־זיבעציק

# דאָס קלוגע היטל

## 1.



ינדער, איר ווילט הערן אַ מייסע מיט אַ קלוג היטל? — וועל איך אייך דער־ציילן:

אַמאָל איז געווען אַ קייסער, האָט ער געהייסן „טאַסטעדיר דער גרויסער“. טאַסטעדיר האָט ער געהייסן דערפאַר, וואָס ער פלעגט קימאַט באַ יעדן דריטן וואָרט זאָגן „אַט־האַסטו־דיר“. און דער גרויסער האָט ער געהייסן דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ פיצעלע, אַ גאָרנישט, מיט קליינע דיקעוואַטע פיסעלעך, אַ בייכל, וואָס ער האָט גע־שטופּט פאָרויס און געמאַכט „עפ־הו“. דעריבער האָט ער גע־וואָלט מ'זאָל אים רופן נישט אַנדערש, ווי „דער גרויסער“.

האַקלאַל, ווי די זאַך איז שוין געווען: קייסער טאַסטעדיר דער גרויסער האָט געקייסערט איבער אַ סאַך לענדער, מיט סאָלדאַטן, מיט שטייערן, מיט כאָליערע אַלע זומער, און מיט טיפוס אַלע ווינטער — עס האָט זיך געטאָן אַ ביסל!

ווי יעדער קייסער, האָט קייסער טאַסטעדיר געקעניגט „מיט פרעמדע הענט“. ער אַליין האָט בעסער געגעסן די פיינע מייכאָלים און פאַרטרונקען מיט די גוטע ווײַנען, וואָס זיינען געווען אַזוי אַלט, אַז דאָס קריגל אַליין, אין וועלכן דער ווײַן איז געווען, פלעגט זיין טויט־שיקער און אַרומטאַנצן פון איין קעלער אין אַנדערן — מ'האָט עס קוים געקאָנט כאַפּן.

געפירט די מעלוכע האָבן צוויי מיניסטאָרן: מעשגיג דער קלוגער און געצים דער נאַר. מעשגיג דער קלוגער האָט אַכטונג געגעבן אַף די געשעפטן פון דער מעלוכע, געשריבן פּאַפּירן וואו מע באַדאַרף, זיך געבייזערט אַף אַלעמען און אַרויסגענומען די

נעשאָמע. געציים דער נאַר פלעגט פריילעך-מאַכן מיט זיינע נאַרישקייטן די מיניסטאָרן און קריגסלייט און שטייער-מאָנער, קעדיי זיי זאָלן קויעך האָבן צו טאָן דאָס, וואָס מעשגיג דער קלוגער האָט פון זיי פאַרלאַנגט.

מיט אַזאַ כאָכעם פאַר הויפט-מיניסטער, פלעגט קייסער טאָסטעדיר שוין, מאָלט זיך, קאָנען שלאָפן רואיק. וואָס הייסט רואיק? ער פלעגט שלאָפן אַזוי געשמאַק, אַז מע פלעגט אים קוים אויפוועקן, דורכדעם וואָס מע פלעגט אים אַריינפייפן אין אויער אַריין דורך אַ וויישעט פון אַ פריש-געקוילעטער גאַנדז.

דער קייסער פלעגט זיך פאַמעלעך אויפכאַפן, זיך לאָזן אויס-רייבן צוערשט ס'רעכטע אויג, דערנאָך ס'לינקע. דערנאָך האָט ער באַפוילן דעם הויפט-גענעצער, ער זאָל פאַר אים אַ גענעץ טאָן. דערנאָך פלעגט מען אַף אים (מיט אַזאַ מין געווער, וואָס דער כאָכעם האָט אויסגעקלערט) אַרויפשיסן די הויזן מיטן וועסטל מיט די מעדאַלן, און דער קייסער פלעגט זיך אַ קראַץ טאָן, זאָגן



אַבציק



„אַט האָסטו דיר! שוין ווידער מאָנטיק!" און גיין עסן אָנבייסן.

קיין זאָרג און דייגעס פּאַרנאָסע האָט דער ק י י ס ע ר „טאָסטעדיר דער גרויסער" נ י ט געהאַט.



.2

פונקט ווי מעשגיגס נאָמען האָט געקלונגען איבער דער וועלט, אַזוי האָט אויך געצימס נאָמען געשעמט איבער אַלע מעדינעס. נאָר שטאָט דעם, וואָס מעשגיג האָט געשעמט פאַר דעם גרעסטן כאָכעם, האָט געצים געשעמט פאַר דעם גרעסטן שויטע.

אָבער אַז די גאַנצע כאָכמע איז געווען ניט אין מעשגיגס קאָפּ נאָר אין זיין היטל, דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט — אַפילע מעשגיג אַליין אויך ניט.

דאָס נעמלעכע היטל איז געווען געמאַכט פון דער פעל פון אַ שרעטעלע, און ווער ס'האָט עס אָנגעטאָן, דער איז געווען דער גרעסטער כאָכעם אין דער וועלט.

ווי אַזוי מעשגיג איז געקומען צו דעם-אָ היטל — איז זיך אַ מייסע פאַר זיך. דערווייל איז גענוג פאַר אונדז צו וויסן, אַז דער כילעק פון דעם גרעסטן כאָכעם ביז דעם גרעסטן נאָר איז בלויז געווען אינעם היטל. יענער האָט געהאַט אַ נאַריש היטל... און דער — ווי מיר ווייסן שוין.

איין-אוי-אַבציק

האָט זיך איינמאָל געכאַפּט און פאַרלאָפן אַזאַ מייסע:

„באַ אַ געוועטעניש פון אונדזער קייסער מיט אַן אַנדער קייסער, ווועמענס מיניסטער עס איז אַ גרעסערער כאָכעם, האָט מען צונויפגעפירט דיביידע קליגסטע לייט פון די צוויי מעדינעס און מע האָט זיי פאַרשלאָסן אין אַ באַזונדערן זאַל — מ׳זאָל זען, וואָס ס׳וועט דאָ זיין.

האָט געדויערט דריי טעג און דריי נעכט. אַפן פערטן אינ־דערפרי האָט מען דערהערט אַ געוואַלד און מעשגיג, דער גרעס־טער פון אַלע כאַכאָמים, איז אַרויסגעפלויגן פונעם פאַר־שלאָסענעם זאַל אָן אַ היטל, אַ ביסל צעבלוטיקט אַרום דער נאָז און צווישן די ציין.

אַז געצים דער נאַר, וואָס איז געשטאַנען אין דרויסן און געהיט, האָט דאָס דערזען, איז ער אַריין אינעווייניק מיט אַ ליאַרעם:

סטייטש, וואָס הייסט מע נעמט אַ כאָכעם און מע שלאָגט אים און מע כאַפּט באַ אים אַראָפּ ס׳היטל?

אָבער שפּעטער מיט פיר מינוט איז ער אויך געפלויגן צוריק, אַ ביסל אַ צעבלוטיקטער, און דורכן פענצטער פון פאַרמאַכטן זאַל זיינען געפלויגן צוויי היטלען.

אַז דער כאָכעם האָט דאָס דערזען, האָט ער זיך זייער פאַר־שעמט, געכאַפּט ס׳ערשטע היטל, וואָס איז אים געקומען צו דער האַנט און איז אַנטלאָפן צום קייסער און דערציילט די מייסע אַזוי און אַזוי: יענער כאָכעם שלאָגט זיך גאָר!

ווייס דאָך דער קייסער וועמען ער פאַרמאָגט, טוט ער אַ שטיקל געגעץ, גיט אַ מאַך „אָט האָסטו דיר!״ און באַפעלט דעם כאָכעם מעשגיג, ער זאָל שרייבן אַ געשריפטס צו יענעם קייסער, וואָס זיין כאָכעם שלאָגט זיך, און אים אָנזאָגן מיטן הארבן וואָרט, אַז אויב ער שיקט ניט גלייך צו 1 וועגעלע זאַפראַן, 11 פעסלעך צימרינג, 8 פוד געזייערטע פיז־אַנדרינען און 18 פעסלעך ברי־ליאַנטן, וועט זיך טאָן כוישעך.

— נו, נעם און שרייב! — זאָגט דער קייסער צום כאָכעם,— אָבער אַזוי ווי דו קענסט!

נאָר דער כאָכעם זיצט מיט אַן ארויסגעטעלעפּעטער צונג, דליבעט זיך די נאָז און פאַרשטייט ניט וואָס מ'רעדט צו אים.

— אַט האָסטו דיר! — מאַכט דער קייסער „טאָסטעדיר דער גרויסער", — הער אויף דליבען די נאָז, סע פּאַסט ניט פאַר קיין כאָכעם.

— טאַקע? — זאָגט דער כאָכעם און צעבלעזלט זיך מיט אַ געלעכטערל — ווער האָט דיר געזאָגט?

קוקט אים דער קייסער אַן קרום און זאָגט:

— וואָס מאַכסטו זיך נאַריש? נעם שרייב!

— איך? איך זאָל שרייבן? — פרעגט דער כאָכעם און לאַכט שמענדריקעוואַטע. — וואָס זאָל איך שרייבן? זאָל איך אים פרעגן צי דער פּיקהאָלץ זיינער הוסט נאָך?... אַז כ'וואָיס ניש וואוס צו שראַבן!....

— מאַך זיך ניט נאַריש! — ווערט דער קייסער אָנגעצונדן. — נאַ. נעם די פּעדער אין האַנט אריין און שרייב! — און ער דערלאַנגט אים אין דער האַנט די גרויסע, גענדזענע פּען.

נעמט מעשעניג און באַנעצט זי מיט שפּייעכץ און שמייכלט מיט די לעפּצן און גיסט אוים אַ האַלב פלעשל טינט אַפן נייעם פּאַרמעט, און ווישט עס אוים מיטן אַרבל פון זיין טייערן פּורפּל־וואָלענעם בעגעד, און ער זעצט זיך אַוועק און הויבט אָן שרייבן:

„טייערער קייסער לעבעוואָל!

„ערשטנס שרייב איך דיר, אַז מיר זיינען גאָצידאַנק אין בעסטן געזונט, געב גאָט פון דיר דאָס נעמלעכע צו פאַרנעמען. צוויטנס שרייב איך דיר, ליבער קייסער, אַז מיין קייסער בייזערט זיך אַף מיר, איך זאָל דיר שרייבן אַ קלוגן פּאַרמעט, דעריבער שרייב איך דיר אָט דעם קלוגן פּאַרמעט, און איך בעט דיך מיר צו לאָזן וויסן, ווען באַ אייך פאַלט אוים שושן־פּורים. און מער קיין נייעס צו שרייבן, וואָרים מיין קייסער קוקט אַף מיר עפּעס בייזלעך. קאָן זיין, אַז ער וועט מיר נאָך געבן פּעטש אויך."

דריי־און־אַכציק

ווי דער קייסער האָט איבערגעלעזן דעם פּאַרמעט, האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט און — טראַסק! פּלעם! איינס, צוויי, דריי, פיר...

דער כאָכעם האָט זיך פאַרשטעלט ס'פּאָנעם, זיך צוגעהאַלטן ס'היטל און געלאַכט אַזוי נאַריש, אַז דער קעניג אַליין האָט זיך אויך צעלאַכט אַפן קאָל... זיינען באַלד אָנגעלאָפן די סאָרים (אינייִנעם מיטן הויפנאַר) און געבליבן שטיין אַפן שוועל און — אויך געלאַכט...

אַלע האָבן געלאַכט אַכוץ דעם הויפנאַר. ער איז געשטאַנען ערנסט, מיט גרויס שטאָלץ און ווערדיקייט. די רעכטע האַנט אַפן הענטל פון דער שווערד, און זיינע אויגן האָבן געקוקט קלוג און שאַרף.

— „אָט האָסטו דיר!“ — האָט געזאָגט דער קייסער און געוויזן אַפן כאָכעם, וואָס איז געזעסן אַף דער ערד און געשניצט ס'פּיסל פונעם טראָן מיט אַ פּענמעסערל, — אונדזער כאָכעם האָט זיך באַנאַרישט מיט זיין כאָכמע. איצט זיינען מיר כאָלילע פאַרלאָרן... וואָס טוט מען?

— מען טוט — האָט געזאָגט דער הויפנאַר און געציילט די ווערטער ווי פּערל — מע נעמט און מען...

מער האָט ער ניט געזאָגט. ער האָט בלויז איינגערוימט דעם קעניג עפּעס אין אויער אַריין. דער קעניג האָט אויפגע־צאַפּלט, אַ קלאַפּ געטאָן מיט די הענט און געזאָגט: „מיר זיינען געראַטעוועט!“... און באַפוילן, מ'זאָל גלייך נעמען דעם הויפנאַר און אים מאַכן פאַרן הויפּט־כאָכעם.

די הויפלייט האָבן גלייך געטונטאָן דעם קעניגס באַפעל. זיי האָבן דעם נאַר געזאַלבט מיט אויל, און געריבן מיט בסאָמים, און אים באַוואָרפן מיט שמעקעדיקע קרייטיכער, און אים אָנ־געטאָן אין ביגדיי מאַלכעס, און אים אַרויסגעפירט אַפן גאַנעק פון קייסערס פּאַלאַץ און דער מיניסטער פון־סאַמע־אינעווייניק האָט אַראָפּגערעדט צום פאָלק, וואָס איז געווען איינגעזאַמלט אין די טויזנטער, און געזאָגט:

— פאָלק! עס איז געשען אַ נעס! דער גרעסטער נאַר

איז פּלוצים געוואָרן דער גרעסטער כאָכעם . . . אַט וועט איר אַליין הערן זיינע רייד און זיך באַציִיגן!

דער געוועזענער נאַר איז אַרוים אַפן גאַנעק, זיך פיין פאַר־נויגט און געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט זיך אַפּאַנעם פאַרנייגט צו טיף, וואָרים דאָס היטל איז באַ אים אַראָפּגעפאַלן, און ער איז געבליבן שטיין, ווי אַ ליימינאַגוילעם, זיך געקראַצט אין קאָפּ מיטן מינצטן פינגערל און געטראַכט און סאַפּקאַלסאַף אַרויסגעבעבעט: גוט שאַבעס! (ס'איז גאַר געווען מיטוואָך).

צו מאָרגנס האָט אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע. דאָס קייסערל טאַטעדיר האָט מען „געקעפּט". דעם געוועזענעם נאַר, וועלכער איז געבליבן אַ נאַר, האָט מען געהאַנגען. דעם געוועזענעם כאָכעם, וואָס איז איצט אויך געווען אַ נאַר, האָט מען געשאָסן.ביידנס קליידער און די היטלען האָט מען פאַרברענט. און איצט גייט אַלץ ווי ס'דאַרף צו זיין.



פינף-און-אַכציק

# קינדערלעך, זונעלעך, טעכטערלעך, קעמפערלעך

**.1**

קינדערלעך,
זונעלעך,
קעמפערלעך,
זיגער,
דער זייגער איז עלף,
און צוועלף ווערט זיכער,
און מער קאָן ניט שלאָגן
קיין זייגער קיין איינער!
צוועלף נאָך עלף,
און אַ סאָף צו פאַרהונגערטע ביינער!
אַן ענד צו די ראָלן פון באָס און בורזשוי!
פון אַלע, וואָס לעבן אַף רויב,
ווי ראָבן אַף ביינער פון טויט!

קינדערלעך,
קעמפערלעך,
זונעלעך,
זין,
און טעכטערלעך,
טעכטער!
עס פרילינגט אַן ערד אַזוי גרין,
מיט שפין און מיט בין,
מיט טייכן מיט פליסיק געלעכטער.

די ערד, ליבע קינדער,
זי דרייט זיך און דרייט

אַלץ נעענטער צו אונדז מיטן פּנים,
און פּאַכעט צו אונדז, און גריסט זיך מיט אונדז
מיט ווינטן פאַר גלאַנציקע פּאַנען . . .

ס׳איז סאָף פון אַ בלעטל
באַם סאָף פון אַ בוך,
געשריבן מיט גאָלד און מיט שוועבל.
מיר ראַנגלען זיך היינט אינעם לעצטן פאַרזוך
צו שפּאַלטן דעם בלוטיקן נעפּל . . .

קינדערלעך,
קמפערלעך,
זונעלעך,
זין,
טעכטערלעך,
ליבינקע טעכטער!
אין מאַדריד, אין וואַרשע,
אין ווין און בערלין
עס הוליעט דער הענקער, דער שעכטער.
עס פאַלן אַף בלאָקן די העלדישסטע קעפּ,
די הייליקע קעפּ פּראָלעטאַריש,
עס ציען, ווי קרומע, ווי שרויפיקע טרעפּ .
די לעצטע, די פינצטערע כמאַרעס.

דער טאַליען, דער ברוינער אין פולן מונדיר,
אין האַנטשיך, אין פראַק און צילינדער, —
ער האַקט אַפּ די קעפּ — באַ מיר און באַ דיר,
באַ אונדזערע אַרבעטער קינדער.
און פאַרשעמט איז דאָס לאַנד,
און פאַרשעמט איז די שטאָט,
פאַרשעמט יעדע גאַס, יעדעס געסל
מיטן נאָמען, וואָס איז ווי דער שטעמפּל פון שאַנד —
דער פינצטערער גייסט פון האַרסטו ווועסעל.

זיבן-און-אַכציק

אָך איז אונדז ביטער,
און אָך איז אונדז שווער
פון טאָלן אָט־דאָ, וואו מיר זיינען,
צו געבן אַ הויב זיך — אַלץ העכער און מער
צום אַלפּ־שפּיץ, צום הויכן פון לענין! . . .

קינדערלעך,
קעמפערלעך,
זונעלעך,
זין!
פון מאָרגן די זיגער,
די העלדן!
לאָמיר זיך אַלע,
אָט אַלע ווי איינס
צום אַרבעטער קאַמף־פּלאַץ
פאַרמעלדן!
אַלציינס — וואָסער הויטפאַרב,
אַלציינס — וואָסער שפּראַך,
פון זיד, צי פון נאָרד, צי פון וועסטן.
מיר איינציקע אַלע —
מיר זיינען אַ סאַך,
מיר זיינען אַ שפּאַנענדע פעסטונג!

אונדז אַלע פאַרבינדט דאָך דער אייגענער טויט,
אונדז אַלע פאַרייניקט דאָס לעבן.
איז וועלן מיר קעמפן פאַר פרייהייט און ברויט
מיט פויסט און מיט ציין און מיט נעגל!

יעדער מיט אייגנס, מיט וואָס ער פאַרמאָגט:
מיט וואָרט, צי מיט האַק, צי מיט קירקע,
יעדער מיט וואָס, יעדער מיט דעם,
וואָס קאָן וואָס צום טיכטיקסטן ווירקן.

און האָט איר נאָר מוט, און האָט איר נאָר האַס,
און האָט איר נאָר נאַקעטע לעבנס —

טאַ ברענגט זיי צו טראָגן דעם אַרבעטער קלאַס,
ווען הימל מיט פינצטערקייט רעגנט.

קינדערלעך,
קעמפערלעך,
טעכטערלעך,
זין,
מיר שטייען אַף שייד פון די וועגן :
ס׳איז פרילינג אַצינדערט און אַלצדינג ווערט גרין,
נאָר רויט קומט דער מיי אונדז אַנטקעגן ! . . .

2.

קינדערלעך,
זיגערלעך,
פון מאָרגן די זיגער !
מיר זאָלן ניט לאָזן
די קראָ אונדז פאַרוויגן.
מיר מוזן מיט אָדלערס פון אייזערנער זון
די יונגינקע אַקסלען באַפליגלען !

און וואַרפן אין צוקונפט דאָס האַרץ
און ניט וואַקלען,
און האַלטן זיך פעסט
אין לענינשן אַקער !

ס׳איז, קינדער, קיין שפּיל ניט,
און, קינדער, ס׳איז ערנסט —
דער טאָג מוז אונדז וויסן,
די נאַכט מוז אונדז הערן.
ווייל סוינע שוין גאַרטלט
זיין וועלטבויך מיט שווערדן.
איז דאַרף מען צו קעמפן
פאַר פ א ר און א נ ט ק ע ג ן :
קעגן פינצטערן טויט !
פאַר ליכטיקן לעבן !

ניין-און-אַבציק

קינדערלעך,
קעמפערלעך,
פון מאָרגן די זאָמען,
ווי דעמבעס אין טייכן
צעשפּיגלט געקאָמען!
אַנטקעגן די ציינער פון לאַכנדע קראַמען
זאַטע מיט ברויט, מיט וויין און מיט בלומען,
מיט וואָלן, מיט האָניק, מיט פּוטער,
און הויפנס און הויפנס מיט אַלצדינג מיט גוטן.
און זיין איז עס וועמענס?
דיין ברודערס, דיין שוועסטערס!
און זיין איז עס דיינס —
פון יאַנג-טסע ביז דניעסטער!

קינדערלעך,
קעמפערלעך,
פון מאָרגן די פירער:
מיר דאַרפן זיך לערנען,
מיר דאַרפן אָן אַ שיר נאָך.
מיר דאַרפן נאָך רעדן
אָט דאָס, וואָס מיר ווייסן.
מען דאַרף אָבער וויסן ווער-וואָס-ווען צו ריידן.
און ניט אַזוי רעדן,
ווי ווערן אַקטיוו —
דערהויבן זאָל ווערן די ברייט און די טיף!
די קלאַסן-מילכאָמע, דער קלאַסן-מאָטיוו
זאָל ווערן אין ציימלויף אַ קלאָרער באַגריף
פון קאַמפּאַס פון מאַרקסן,
לויט פינפיקן שטערן —

מיר דאַרפן פון שפּעטער
דעם א י צ ט אַראָפּהערן!...
נאָר, קינדער,
מיר דאַרפן נאָך לערנען און לערנען

ניינציק

די שריפטן פון מאַרקס און ענגעלס און לענין,
מיר דאַרפן נאָך קענען,
און קענען און קענען.
צייט איז אַ ראַדיאָ,
מיר — די אַנטענעס.
און יעדער דאַרף גליען, און יעדער דאַרף ברענען!

און גרייט אַפן אַנגריף,
און גרייט אַף זיך־ווערן!
מע דאַרף פון באַגנעט
דער שטראַל אַראָפּהערן . . .
און צילן און טרעפן,
און דאַרף מען איז: סנייפּן,
און אויך, ווי געהעריק, אַ וואַנט־צייטונג שרייבן.

און פּיקעטן פּיקעטס —
אייניינעם מיט יענע:
מיר דאַרפן דערקענען
קלאַסן־דערנענונג.
מיר דאַרפן זיי שיצן,
מיר דאַרפן זיי העלפן
אַרום די פאַבריקן, אַרום די געוועלבן:
פאַר איינעם — אַ יעדער; אַ יעדער פאַר אַלע,
שטעל אונטער ס׳האַרץ, לאָז אַ כאַוואַר ניט פאַלן!

קינדערלעך,
זינעלעך,
טעכטערלעך,
טעכטער,
מיר זיינען אַף גרענעץ פון פרייהייט
די וועכטער!
און קומען טעג שוואַכע,
און קומען טעג שלעכטע,

מיר וועלן זיך האַלטן,
ווי קעמפּער געדעכטע!
מיר וועלן ניט מידן,
מיר שווערן בײַ לענין,
ביז ס׳וועלן די שלאַכטן
אַנטשיידן דערברענען
אין קאַמף מיט די רײַכע,
אין קאַמף מיט בורזשויען,
מיר קינדער,
מיר יונגע,
מיר פרייהייט־העראָיען!

אָ, קינדערלעך מײַנע,
אָ, זינעלעך, זין,
מיט בליי און מיט פייער באַגריסטע:
עס שפּרייט זיך אין האַמבורג, אין רוים און בערלין
קוואַרטאַלן געשענדעטע, וויסטע.
איז געדענק־זשע „קאָלאָמביאַ",
און געדענקט „מאָאַביט",
און געדענק פון נעקאָמע
דאָס ביטערע ליד.
ס׳בלוט פון דײַן ברודער,
ס׳אַרבעטער־בלוט
מאַכט גליטשיק, מאַכט נאַס די קאַנצלאַגערס.
אויף וועגן און אויף דילן —
דער מאַרך, וואָס פאַרטראַכט
האָט מוטיק צו לעבן און וואָגן.
און פראַנקאָן געדענקט
און מאַלאַן געדענקט,
טאָלעדאָ, אירון, סאַראַגאָסאַ.
געדענקט אָט די טײַכן מיט אַרבעטער־בלוט,
פון פריצים, מאַגנאַטן פאַרגאָסן.
צעבראָכענע פויסט לאָזט פאַן ניט פון האַנט,

דער גייסט, אונדזער גייסט וועט ניט וויאַנען!
אַף אַ זעקסט-כיילעק ערד, אין אַרבעטער לאַנד
איז אָנגרייט און אָנזאָג פאַראַנען.
געדענק זשע קאַלאַמביאַ
און געדענק מאַאַביט,
און געדענק פון נעקאָמע דאָס ביטערע ליד!
דער פוס פונעם מאָרגן
טוט דעם שטיוול שוין אָן
און איז גרייט באַלד אַ שפאַן טאָן,
אַ שפאַן טאָן!

קינדערלעך,
קינדער,
טעכטער
און זין,
אַף אייערע הענט פאַרטרויען מיר
גערעכטע נעקאָמע
פאַר האַמבורג און ווין
פון שוואַרצע, פון ווייסע, פון ברוינע.
אַף אייערע ווערק, אַף די אַקסלען פון אונדז
איר וועט זיך דערהויבן, דערגרייכן
צו שטערן, צו נייע, צום אייביקן שטראָם
פון העכערע, העכערע הויכן!

# צוויי כינעזישע לידער

## 1.

## סון יאַט סען

צי האָט איר געהערט — (הויבט אויף די הענט!)
פון איינעם אַ מאַן: סון יאַט סען?

געוועזן איז ער פירער באַם כינעזישן פאָלק —
האָט אים יעדער געליבט, האָט אים יעדער געפאָלגט.

ניט מיט שווערד האָט ער געפירט, ניט מיט קיין לאַנץ
און ניט מיט עפּאָלעטן האָט זיין נאָמען געגלאַנצט.

אַ העלד פון געדאַנק, אַ ריטער פון פען,
אָט־דאָס איז ער געווען, דער גרויסער סון יאַט סען.

האָט געבלוטיקט כינע, געשריגן אירע ווענט,
האָט אָפּגעענטפערט קריק — סון יאַט סען.

האָבן שקלאַפן געריסן אַף זיך די פענט,
האָט אָפּגעענטפערט צוריק — סון יאַט סען.

אַף וואַסערן אַף געלע — דעם טויטס אָקרענט,
באַ די ברעגעס דאָס פאָלק און שרייט מיט די הענט:
— סון יאַט סען!
— סון יאַט סען!
— וואו ביזטו, סון יאַט סען?

אין ריקשע פון קולי, אין זומפּפעלד פון רייז —
שפּאַנט אום אומדערשראָקן יאַט סענס גייסט.

אין פלאַמען פון טשאַפּיי, אַף רויכערדיקע ווענט,
דאָרט פאַטשט מיט די פליגל די זעל פון יאַט סען.

פיר-און-ניינציק

דער טויט, דער יעגער, האָט ענדלעך אין זיין פּלען —
פאַרכאַפּט אויך דאָס האַרץ פון סון יאַט סען.

דאָך אַז איר'ט טרעטן אַף כינעזישער וואַנט —
באַטאָג, אַז מיט אָפּפאַל איז פאַרטרונקען דאָס לאַנד,

באַנאַכט, אַז מיט מילכוועג איז פאַרגאָסן די וואונד
וואָס רופט זיך היינט כינע... — וועט איר הערן אַ הונט

וואָס בילט קעגן ליכטיקסטן שטערן וואָס ברענט —
דאָס בילט אַזוי איינער — קעגן סון יאַט סען...

דאָס בילט אַזוי דער דראַכן פאַכנדיק זיין עק,
דאָס בילט אַזוי דער פאָלקספיינט — טשאַנג קיי שעק!

## .2

## אָד און וויי

צוויי ברידער כינעזערלעך,
פאַלאַנקע-טרעגער צוויי.
איינער הייסט אָ ד,
דער אַנדערער ו ו י י.

זיי שיצן פון זון זיך
מיט ריזיקע היט,
עס לויפן גיכגיכגיך
די שטעקעלעך טריט.

הויזן — אָן אַ העמד
און באָרוועס גייען זיי,
צוויי ברידער כינעזערלעך
אָ ד
און
ו ו י י.

שטייען אויף אין דער פרי
און שפּאַנען זיך איין —
אין טעגלעכער מי,
אין וועגעלע פּיין.

איז ווער לאָזט זיך טראָגן
אויב ניט מאַנדאַרין ?
דאָס בערדל צעצוואָגן,
די נעגעלעך — דין.

אַ קימאָנע פון זייד,
אַפן רוקן — אַ דראַך,
טרייבט ער זיי, טרייבט,
בריקעט זיי און לאַכט.

אַף ניכטערענעם מאָגן
צעבראָכענע אין יאָך
גייט  ו ו י י  אינעם וואָגן
און נאָך אים גייט  אָ ך.

ווי אַ פּיש אין קיישל
דעם האַר טוט אַ טלים :
זיין סודע, זיין גיישע
וואַרטן אַף אים.

זעקס אָפּיומיסטן —
מיט פּידעלעך סאָם,
אויך אויסלענדער קריסטן
וואַרטן מיסטאָם.

דעם דאָלך ציט אַרויס דער
מאַנדאַרין צו זיי . . .
— — — — — — — —

זעקס-און-ניינציק

ס'האָט עמיץ געהערט מער
פון אַ ך און פון ו ו י י ?

ס'האָט קיינער געהערט,
ס'האָט קיינער געזען,
וואָס איז דאָ געווען דען ?
און וואָס איז דען געשען ?

ס'האָבן בלעטער אַף מאָרגן
געשריבן, אַנטפּלעקט :
אַ מאַנדאַרין האָט
זיין מאַנטל פאַרפלעקט.

נאָר מיט קיין איין אָס ניט
וועגן קינדערלעך צוויי —
ווי קיינמאָל קיין אַ ך ניט
און ווי קיינמאָל קיין ו ו י י !





# ל ע נ י ן

אין דער גאַנצענער וועלט
איז נישטאָ אַזאַ אָרט,
וואו ס'איז ניט באַקאַנט
דאָס ליכטיקע וואָרט:
ל ע נ י ן.

אַ קעפּ אַפּן קאָפּ,
צעשטרעקט איז די האַנט,
זייל פון דער מענטשהייט
וואָס לויכט דורכאַנאַנד:
ל ע נ י ן.

זיין נאָמען — וואָס דונערט,
זיין וואָר-וואָרט וואָס בליצט
אַף אייביקייטס טאָוול
האָט טיף זיך פאַרקריצט.

איז פאַרן אַרבעטער קלאַס
איר קינדער שטייט גרייט,
צו קעמפן אַף ווערן:
אַ קינד און אַ קייט.

אַזוי האָט באַפוילן,
אַזוי האָט באַפוילן,
אַזוי האָט באַפוילן
ל ע נ י ן.

# גראַמוסאַ פֿאַר קינדערוסאַ.

אויב איר ווילט שרײַבן גראַמען און קײן גראַם איז ניטאָ
בײַ יעדער סאַץ שורע שטעלט צו אַן „וסאַ".
מיר וועלן באַווײַזן אַ סעמפּל אויך באַלד,
האַלט גרייט די בלײַשטיפֿטלעך, קינדערלעך — האַלט:

אַמאָל איז געווען אַ מאַן מיטן נאָמען יאָסל וסאַ
איז ער אַוועק צום נאָרד פּאָל וסאַ
פֿאָרשן עפּעס דאָרטן מ'ווייסט ניט וואָס וסאַ
אים איז דאָרט געווען זייער קאַלט וסאַ

האָט ער צעלייגט אַ פֿײַער — האָט עס פֿאַרלאָשן דער ווינט וסאַ
האָט ער געזוכט אין די פּאַקעטס, ניטאָ קײן שוועבעלעך וסאַ
אַז ער וועט דאָ פֿאַרפֿרירן ווערן איז געווען זיכער ווי גאָלד וסאַ
כאָטש ער האָט געהאַט אַ פּעלצל, אַ קלײנס, אַ קורץ וסאַ

האָט ער עס געשלעפּט צום קאָפּ, האָבן געפֿרוירן די פֿיס וסאַ
האָט ער עס געשלעפּט צו די פֿיס, האָט געפֿרוירן דער קאָפּ וסאַ
האָט ער גענומען מיט אַ שערל און אָפּגעשוירן אַ ביסל האָר וסאַ
פֿונעם פּעלצל, קעדיי זיך צו פֿאַרדעקן די נאָז וסאַ

ער האָט געקרעכצט און געשוירן — געווען אַ שאָד וסאַ
קאַליע צו מאַכן דאָס שטיקל פּעלץ וסאַ
נאָר לאָ ענד בעהאָלד! ווי מ'זאָגט אַף ענגליש וסאַ
ער גיט אַ קוק אויפֿן פּעלץ — צוריק אָנגעוואַקסן האָר וסאַ

פֿאַרוואַקסן געוואָרן, גאָרניט צו דערקענען וסאַ
האָט ער גענומען און געשוירן ווײַטער וסאַ
האָט ער צוויי מאָל אַ טאָג דעם פּעלץ געגעבן אַ הערקאַט וסאַ
און זיך באַדעקט מיט וואָל פֿון אויבן ביז אַראָפּ וסאַ

דערנאָך האָט ער זיך געמאַכט אַ פּוטערן הויז וסאַ
מיט אַ פּוטערנעם אויוון און אַ פּוטערנעם קוימען וסאַ
און פֿון פּוטער אַליין זיך געמאַכט אַ מעטש וסאַ
און געהייצט און געשוויצט און געלעבט אַ טאָג וסאַ

אַז דאָס איז ניט איבערטריבן אַף אַ האָר, פֿאַרשטייט איר אַלײן וסאַ
דער פּעלץ ליגט ביז הײַנט אין מעטראָפּאָליטן מוזייעם וסאַ

איז ווער פֿון אײַך, קינדער, עס גלייבט אין דער מײַס וסאַ
זאָל אויפֿהייבן די האַנט און זיך טאָן אַ מעלד וסאַ
און ווער ס'גלייבט ניט האָט סײַ־ווי געהאַט אַ גוט־טײַם וסאַ
פֿון די שטראַמען און גראַמען וואָס ענדיקן זיך מיט וסאַ

# האָט ער

אַמאָל איז געווען אַ מאַן מיטן נאָמען אַטאַ, האָט ער
געהאַט זיין אייגנס אַ טייערן אַטאָמאָביל, האָט ער
געהאַט אַ טעווע צו זאָגן: „אַט־אַ קום נאָך אייך!“, האָט ער
אָבער שטענדיק פאַרגעסן צו קומען נאָך אייך, האָט ער
געזען מען טייטלט אַף אים: „אַט־אַ גייט דער גרויסער
צוזאָגער“, האָט ער
געשמייכלט אונטער די וואָנצעס, אַ דייגע אים! האָט ער
איינמאָל געמאַכט אַ פּאַדי באַ זיך אין הויז, האָט ער
צונויפגערופן אַ מאַסע געסט און זיך אויפשטעלנדיק, האָט ער
געהאַלטן אַ לאַנגע רעדע וועגן איך און איך און איך, האָט ער
געזען אַז מענטשן גענעצן און קראַצן זיך די קעפּ, האָט ער
געזאָגט: אָלרייט איך וועל שוין באַלד אָפּענדיקן. האָט ער
געזען ווי אַלע מאַכן אויף די אויגן דערקוויקטע, האָט ער
געזאָגט: ביז איצט האָב איך גערעדט וועגן זיך, און איצט, האָט ער
געזאָגט, וועל איך געבן די געסט אַ שאַנס רעדן וועגן זיך, האָט ער
געזאָגט. יעדער פון מיינע כאַשעווע געסט, נאָך דער רייע, האָט ער
געזאָגט, וועט קריגן דאָס וואָרט און איך וועל אים בעטן, האָט ער
געזאָגט, ער זאָל ניט רעדן וועגן מיר. כ'האָב שוין פּלענטי, האָט ער
געזאָגט, גערעדט וועגן זיך. נאָר יעדער איינער פון אייך, האָט ער
געזאָגט, וועט אַזוי גוט זיין און אַזוי ליב זיין, האָט ער
געזאָגט, און אויסדריקן זיין אייגענע מיינונג, האָט ער
געזאָגט, וועגן די פּערזענלעכע געפילן, האָט ער
געזאָגט, וואָס ער האָט דורכגעלעבט, אין דער צייט, האָט ער
געזאָגט, וואָס כ'האָב געהאַלטן מיין ספּיטש. דאָ האָט ער
געוואָלט זאָגן, „טהענקיו דזשענטלמען“, האָט ער
ניט געקענט, ווייל ס'איז אים עפּעס געפלויגן אין קאָפּ אַריין.

הונדערט־און־איינס

# דאָס פישעלע מיטן ווייכן הערצעלע



ישט ווייט פון אַ אידישער יאַבאָשע איז געלעגן אַ טייך אַזוי גרוים, ווי אַ שפּיי פון אַ ריז. אין טייך האָבן געוואוינט אייניקע פיש־פאַמיליעס, פון פאַרשידענע ראַסן. כריין־פיש, באַק־פיש, פאַן־פיש און קורעסלעך.

די קורעסלעך זיינען געווען גליקלעכער פון אַלע, ווייל זייער מישפּאָכע איז געווען אַ קיילעכדיקע. זי האָט זיך אָנגעפאַנגען פון אַ זיידן און געגאַנגען קעסיידער ביז אַן אייניקל, אַ דורכזיכטיק קורעסל, וואָס אַלע האָבן עס ליב געהאַט, ווי אַ ווערעמל. (באַ פיש זיינען ווערעמלעך טייערער ווי דאָס אויג אין קאָפּ.)

איינמאָל אַ פרייטיק, ווען די מאַמע־פישעכע האָט איר קורעסל אויסגעקעמט דאָס ווידעלע און דאָס געשיקט צום ברעג אַ קוק טאָן וויפל דער זייגער האַלט, האָט מיט דעם קורעסל געטראָפן עפּעס זייער אַ שלעכטע זאַך. ס׳ווייסט נישט וואָס, ס׳ווייסט נישט ווען, נאָר אַזוי ווי עס שווימט אַזוי, פלוצים ווערט עס אויפגעהויבן אין דער הויך אין אַ מין שיטערן זאַק. ס׳וואַסער איז אַרוים מיטן קוק. און דעם פישעלע איז נישט־גוט־געוואָרן. ס׳האָט זיך געראַנגלט, זיך געוואָרפן. וואָס אַ מינוט ווערט אים ערגער און ערגער. ס׳וויל איין זאַך: אין וואַסער אַריין. נאָר אין וואַסער אַריין.

דאָס קורעסל ווייסט, אַז די מישפּאָכע האָט עס אַזוי ליב, אַזוי ליב. קוים קערט דאָס זיך נישט אום אַהיים, וועט אים די

מישפּאָכע צעברעכן די ביינדעלעך. דאָס פּישל האָט ניט גע־וואוסט, אַז טאָמער קומט עס נישט אַהיים, וועט מען דאָס נישט שמייסן.

נאָר פּלוצים, ס׳ווייסט נישט פון וואָס און ס׳ווייסט נישט פון ווען, סיידן ס׳האָט הויך אונטערגעשפּרונגען — ס׳איז צוריק אין וואַסער! נו, שוין, ווי באַלד צוריק אין וואַסער, טאָ וואָס זשע איז דאָ זיך צו זאָרגן? אין וואַסער איז אַזוי גוט, פריש אַזוי, קיל, אַז ס׳איז אַ מעכייע. איי, אַ מעכייע! אַ דערקוויקונג! דאָס פּישעלע איז צוריק אַהיים געשוואומען און דערציילט, אַז ס׳איז געווען אַ ביסל (נישט אומיסטן) אויסערן וואַסער. האָט עס די מישפּאָכע אויסגעטייטשט, מינסטאָמע האָבן זיך אים צע־שפּילט די יונגע געבליטן. ס׳האָט זיך דעם אויסגעוויזן. „נישט אויסגעוויזן", האָט ס׳פּישעלע געטיינעט. „נו", זאָגט דער זיידע־פּיש מיט די באָסאָווע וואָנצעס, „נו, אַבי צוריק אין וואַסער." „נו", זאָגט דער טאַטע מיטן מוטערפּערלנעם פּאַנצער: „אַבי צוריק אין וואַסער." „נו", זאָגט די מאַמע מיטן זילבערנעם אונטערקליידל: „אַבי צוריק אין וואַסער. טאָ וואָס איז שוין דאָ צו זאָרגן, אַבי, אַבי אַבי צוריק אין וואַסער. אַבי אין וואַסער צוריק!"

דאָס פּישעלע האָט זיך צעטאַנצט פון פרייד: אַבי אין וואַסער צוריק!

דעם אַנדערן פרייטיק האָט די מאַמע ווידער געשיקט דאָס פּישעלע צו דער אידישער יאַבאָשע געוואויר־ווערן וויפל דער זייגער האַלט. און ווי דאָס פּישעלע איז געקומען צום ברעג, האָט עס מיט אַן אייגל פון וואַסער אַרויס דערזען אַ שווערן גרויסן איד שלאָפן אַף דער טריקעניש. האָט דאָס פּישעלע געטראַכט: אַ ראַכמאָנעס אַף דעם אידן. ער ליגט נעבעך אַף



דער יאַבאָשע און ער איז גאָרנישט אין וואַסער. און ווי דאָס פישעלע האָט דערהערט דעם אידן כראָפּען, האָט עס געמיינט, אַז ער גויסעסט פון גרוים טריקעניש. האָט דאָס פישעלע גענומען מיטן ווייִדעלע שפּריצן וואַסער אַפן אידן. האָט דער איד זיך אַ דריי געטאָן. „ער ווערט לעבעדיק! ער ווערט לעבעדיק!“ האָט דאָס פישעלע זיך געפרייט. און ס'האָט גענומען זוכן אַ מיטל, וויאַזוי־אַרומעט דעם אידן אַריינעמען אינגאַנצן אין וואַסער אַריין, און זאָל דעם אידן זיין גוט. האָט עס געפּרואווט מיט אַלע קויכעס צושטופּן דעם טייך צום אידן. ביז ס'זיינען אונטערגעקומען נאָך פיש און דער באָס־לעוויאָסן אַליין, און מ'האָט געשוויצט ווי די ביבערס, געשטופּט דעם טייך, ביז די זון האָט זיך גענומען זעצן. האָט דער טייך זיך אַ קאַטשע געטאָן אַף דעם אידן אַרויף. דער איד האָט מיט זייער שטאַרקע קוילעס געשריען: „געוואַלט! געוואַלט! ראַטעוועט!“

„וואָס שרייט ער אַזוי געוואַלט?“ האָט דאָס פישעלע געפרעגט אַן אַנדערס, „ער איז דאָך שוין אין וואַסער, צו וואָס זשע שרייט ער געוואַלט?“

— עפּעס אַ נאַרישער איד! — האָבן אַלע פיש באַשלאָסן און זיינען אַוועקגעשוואומען און מער ניט געוואַלט צו אים רעדן.



# פערשקע ביימלעך

אין שטאָטישן גאָרטן שטייען צוויי פערשקע ביימלעך. פאַר־וואָרפן געוואָרן אַהער צווישן ציגל־קאַסטנס, מענטשן־געשרייען, רויך, שטויב.

— וואו זיינען מיר אין דער וועלט ?—פרעגט איין פערשקע ביימל באַ דעם אַנדערן, — וואו זיינען די איבעריקע ביימער ? וואו איז די גרויסע בלויקייט איבער אונדז ? וואָס קומען די פויגלען נישט זינגען ?

אַ פעדלער פון אַלטע קליידער שטעלט זיך דאָ אָפּ, קוקט אַף דעם אינגערן פערשקע־ביימל, גיט אַ זיפץ, צעהענגט דער־ווייל אַף די צווייגלעך אַלטע הויזן און צעזינגט זיך: „אָלד קלאָוז, אָל' קלאָוז!"

ביידע ביימלעך גיבן זיך אַ צאַפּל, דערשרעקן זיך, און דאָס אינגערע ביימל רופט זיך אָן צום עלטערן:

— איך וואָלט געשוואוירן, אַז איך בין אַ הויזנביימל. גיב נאָר אַ קוק!

דאָס עלטערע ביימל גיט אַ קוק. דער איד האָט דערווייל צוריק אַראָפּגענומען די הויזן.

— וואָס רעדסטו נאַרישקייטן ? הויזנביימלעך גאָר! וואו האָסטו געזען הויזנביימלעך ?

— דער סאָף איז גוט, — מאַכט דאָס אינגערע ביימעלע, — האָסט נישט געזען, ווי עס האָבן אַף מיר געוואקסן הויזן ? איך האָב אַפילע געזען דעם איד, וואָס האָט זיי אָפּגעריסן.

— ווייס איך וואָס!

— ווייס איך וואָס, זאָגסטו ? דאָ־הי איז אַלצדינג געמאָלט. דאָ־הי קאָן מען מיט אונדז טאָן וואָס מע וויל. דאָ־הי זיינען מיר אַזוי עלנט (ביידע ביימלעך צעוויינען זיך), מיר ווייסן אַפילע נישט צי עס איז ווינטער, צי זומער. אַז קיין שניי איז ניטאָ. און די שוואַלב, וואָס זאָל אָנזאָגן, ווען דער פרילינג קומט, זעט מען אויך נישט.

הונדערט־און־פינף

— שוין עפשער צייט זיך א נעם טאָן צום בליען? — איז איינגעפאַלן דעם אינגערן ביימל.

— וואו בליען?... אז סע קאָן זיין, אז ס'איז נאָך אינמיטן ווינטער, און אז מירן ארויסקומען מיט די פערשקעס אַף קריס־מעס, וועלן מיר האָבן א שיין פּאָנעם.

ווי די ביימלעך רעדן אזוי, איז אונטערגעקומען א ווינטל און געבראַכט צושלעפּן א צייטונג מיט א גרויסן „עד" פון מאַצעס.

„קויפט מעני־דעוויטשעס מאַצעס. די בעסטע מאַצעס אין דער וועלט. יעדע אידישע היים מוז זיך פאַרזאָרגן מיט מעני־דעוויטשעס מאַצעס."

— אויב סע רעדט זיך שוין וועגן מאַצעס — האָט געזאָגט דאָס עלטערע ביימל, וואָס האָט געקאָנט לייענען אידיש, — מוז שוין זיין אַרום פּרילינג. און אויב אזוי, דאַרף מען זיך א נעם טאָן בליען און מאַכן פערשקעס.

אין עטלעכע טעג אַרום איז דער פּעדלער פון אלטע הויזן פאַרבייגעגאַנגען, האָט ער דערזען ווי די פערשקע־ביימער זיינען באַדעקט מיט בלימלעך. און עפּעס א גרויסער נאַכעס איז זיך אים צעגאַנגען צווישן די רויטלעכע אויגן.

— זאָל עס טאַקע זיין צווייט? — האָט געטראַכט דער הויזן־פּעדלער. — עס איז דאָך ערשט קריסמעס. נאָר כ'ווייס — האָט ער געקוועטשט מיט די פּלייצעס — ס'איז דאָך אַמעריקע!

און אז די ביימלעך האָבן די אייגענע נאַכט דערזען אין א פענצטער א קריסמעס־בוים און אין אַן אַנדערן א כאַנוקע־לעמפּל מיט א ברענענדיק לעכטל, האָבן זיי אויך שטילערהייט געשמייכלט און געטראַכט:

— וואָס אַמעריקע איז! מ'באַקט שוין מאַצעס און אידן האָבן זיך קוים דערמאָנט צינדן כאַנוקע־ליכט.

(אז אין אַמעריקע באַקט מען מאַצעס א גאַנץ גייענדיק יאָר, איז די פערשקע־ביימעלעך ניט איינגעפאַלן.)

הונדערט־און־זעקס

# מיסטער טאָטעל

[פּייווין.]

א.

אַז פּייווי האָט זיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן אידיש, האָט ער שוין מער ניט געזאָגט „מיט אַן אַ שפּאַס“ אָדער „נעם אַכטונג“ ווי דו גייסט, אָדער „זיי שור מאָרגן צו קומען“, אָדער „איך דאָס ניט געזען, לערער“. נאָר ער האָט געזאָגט:

„אָן אַ שפּאַס“ און „גיב אַכטונג ווי דו גייסט“ און „קום מאָרגן באַשטימט“ און „איך האָב דאָס ניט געזען, לערער“.

פּייווי האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז קעדיי צו רעדן אידיש ריכטיק, קאָן מען ניט איבערזעצן וואָרט-באַ-וואָרט פון ענגליש, ווייל עס וועט אויסזען קאָמיש.

פונקט ווי עמיצער, אַ שטייגער, זאָל זיך געזעגענען מיט אַ פריינט מיט די ווערטער „בי העלטהי“, וואָס דאָס איז אַ פּינקטלעכע איבערזעצונג פון דעם אידישן געזעגן-וואָרט „זיי געזונט“.

איינס פון די זאַכן, וואָס פּייווי האָט אָפּגעמאַכט באַ זיך וועגן לערנען אידיש, איז געווען: צו לייענען אַלע טאָג די צייטונג „די מאָרגן-פרייהייט“, באַהויפּט די דריטע זייט, וואָס גיט זייער גרינגע און אַמוזירנדיקע זאַכן פאַר קינדער און דער־וואַקסענע, מייסעלעך און רעטענישן, קאַרטונען און אינטערע־סאַנטע בריוו וועגן שווערן לעבן פון די אַרבעטער, וואָס אַלע דאַרפן וויסן, און אויך ווי אַזוי די באָסעס דרייען ס׳רעדל, לויט ווי זיי לוינט זיך, באַרויבנדיק די אָרעמע וואו זיי קאָנען נאָר, אַזוי לאַנג ביז מע שטעלט זיך ניט אַנטקעגן און מע גייט ניט אַרויס אַף אַ סטרייק.

פייווים לערער, וועלכער איז אַ שטיקל הומאָריסט, האָט אים אַמאָל אַ פרעג געטאָן:

— פייווי, וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען דו ביסט הונגעריק?

— איך וואָלט געבעטן עסן! — האָט געזאָגט פייווי.

— יאָ, — האָט געזאָגט דער לערער, — דו וואָלסט געבעטן. אָבער וואָס טוסטו, אַז מע גיט ניט?

— מיין מאַמע גיט, מיין מאַמע גיט שטענדיק, אַז זי האָט נאָר וואָס, — האָט געזאָגט פייווי.

— דאָס איז אַלץ זייער ריכטיק, — האָט געזאָגט דער לערער, — איך רעד ניט וועגן דיין מאַמען, פייווי. איך רעד, אַז דו ביסט אַ דערוואַקסענער מענטש און דו ביסט הונגעריק, און דו האָסט ניט וואָס צו עסן.

— וואָלט איך געזוכט אַרבעט, — האָט געזאָגט פייווי, — אלס אַ פייערמאַן. איך גלייך זייער צו זען, ווי די פייער־אינדזשינס לויפן און קלינגען:

אונטע דרינטע, טינדע דין, דינדינדינדין.

— איך פאַרשטיי, פייווי, — האָט געזאָגט דער לערער, — אָבער אַלע קאָנען דאָך ניט זיין קיין פייערלייט — איז ערשטנס. און צווייטנס — זאָגט דער לערער זאָגט מען ניט „איך גלייך“, נאָר „כ׳האָב ליב“, און דריטנס — מאַכט דער לערער — וואָס טוסטו פאַרט, אַז דו ביסט אַזוי שטאַרק הונגעריק, אַז דאָס האַרץ גייט דיר אויס און דו גייסט פאַרביי אַ רייכן פּאַלאַץ אַף פיפטער עוועניו, און דו זעסט דורכן פענצטער, ווי אַלע זיצן דאָרטן אין דער ליכטיק און אין דער וואַרעמקייט און עסן ס׳בעסטע און ס׳שענסטע, און דיר גייט אויס ס׳כייעס נאָך אַ שטיקל ברויט. און ס׳איז דיר קאַלט, אַז דו וועסט שיר ניט פאַרפאַרן. און קיין היים האָסטו ניט, און קיין געלט האָסטו אויך ניט.

— איך וואָלט אַריינגעגאַנגען און געבעטן עסן — האָט געזאָגט פייווי. — זיי וואָלטן עפּשער געגעבן.

— עפּ—שער, — האָט געזאָגט דער לערער, — אייען, פּיי, שין אייען רייש . . . ע—פּ—שער. און טאָמער אָבער — זאָגט דער לערער — גיט מען ניט?

הונדערט-און-גיין

— וואָלט איך געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש, — האָט געזאָגט פּייווי, — אַז די דישעס וואָלטן געדזשאַמפּט.

— דו מיינסט, אַז דאָס געשיר וואָלט אַזש געדרינדזשעט?

— געדרינדזשעט, — האָט געלאַכט פּייווי און געוויזן די ווייסע ציין זיינע, וואָס ער פּוצט אַלע טאָג מיט זאַלץ, — געדרינדזשעט, כאַ־כאַ.

— קלאַפּן באַם באָס אין טיש, — האָט געזאָגט דער לערער, — איז בעסער ווי קלאַפּן באַם באָס אין פּלייצע. אָבער נאָך בעסער איז, אַז מע קלאַפּט דעם באָס איבער דעם אָרט, וואו ער טראָגט ס׳הארץ. דאָס הייסט: איבער דער קעשענע, איבערן פּאַקעט.

— איך פאַרשטיי, — האָט געזאָגט פּייווי און איז געוואָרן ערנסט, — דער לערער מיינט, מ׳זאָל גיין סטרייקן, פאַדערן „ברויט אָדער אַרבעט", אַזוי ווי כ׳האָב געזען דהי אָדהער דעי אַ דעמאָנסטריישאָן, וואו מיין מאַמע און מיין פּאַפּאַ זיינען געגאַנגען און געמאַרטשט . . .

— לאָז זיין „געמאַרטשט" און „דעמאָנסטריישאָן" און „דהי אָדהער דעי", — האָט געזאָגט דער לערער און געגלעט פּייווין איבערן צעשויבערטן קאָפּ. — מ׳דאַרף זאָגן, — מאַכט ער, — „מאַרשירט" און „דעמאָנסטראַציע", און אַנשטאָט „דהי אָדהער דעי", דאַרף מען זאָגן „אַנומעלטן". נאָר ס׳איז בעסער, — מאַכט דער לערער, — צו רעדן אַ שלעכטן אידיש און יאָ „מאַרטשן", ווי צו רעדן אַ גוטן אידיש און זיין אַן אָפּגע־שטאַנענער אַרבעטער, וואָס נעמט ניט קיין שום אָנטייל אין דעמאָנסטראַציעס. ביידע מיטאַמאָל — אי רעדן גוט אידיש, אַז מ׳רעדט אידיש, אָדער גוט ענגליש, אַז מ׳רעדט ענגליש, איז זיין אַ קלאַסנבאַוואוסטער אַרבעטער — איז אַוואַדע זייער וואויל.

איבעריקנס, — מאַכט ער, — פּייווי, האָסטו געמאַכט אַ שטיקל טאָעס. אַף די פּלאַקאַטן, אָדער סיינס, וואָס די אַרבעט־לאָזע האָבן געטראָגן אין דער דעמאָנסטראַציע, איז געווען ניט ברויט אָדער אַרבעט, נאָר „ברויט און אַרבעט".

— דאַצרייט, — האָט געזאָגט פּיוווי און זיך פאַרכאַפּט.

— יאָ, ריכטיק, לערער.

— „און גענוג ברויט", — האָט געזאָגט דער לערער מיט זיין ליבלעכן שמייכל, — און ניט צופיל אַרבעט. אַרבעט מאַכט טאָקע זיס דאָס לעבן (אַזוי זאָגן די באָסעס, מיינענדיק דערמיט, אַז אַרבעט מאַכט זיס ס'לעבן פון די באָסעס), נאָר צופיל זיסע זאַכן, — זאָגט דער לערער, — שאַטן צום מאָגן.

## ב.

לייענענדיק די „מאָרגן-פרייהייט", האָט זיך פּיוווי, וועלכער איז געווען זייער גוט אין אַריטמעטיק, פאַראינטערעסירט מיט די ציפערן, וואָס פלעגן זיך פון צייט צו צייט דאָרטן דרוקן. ער האָט געזען אַן אָפּטיילונג, וואָס האָט געהייסן „געלט-זאַמלונג צו באַפרייען טאָם מוני". צומערשטן האָט פּיוווי געוואָלט וויסן, ווער איז אַזוינס דער טאָם מוני? האָט אים דער לערער דער-קלערט, אַז דאָס איז אַ באַרימטער אַרבעטער-פירער, וועלכן די קאַפּיטאַליסטן האָבן מיט צוואַנציק יאָר צוריק „געפרעימט" אויף דער קלאָגע פון וואַרפן אַ באָמבע. און כאָטש עס איז באַוויזן געוואָרן דורך פיל איידעס און דורך אַ פאָטאָגראַפיש בילד וואָס טאָם מוני האָט זיך געפונען יענעם טאָג אין אַן אַנדער פּלאַץ, און עס איז צוגעגעבן געוואָרן פון די דזשורי-לייט און איינעם פון די ריכטער וואָס האָט אים פאַרורטיילט, אַז די גאַנצע זאַך איז געווען רעזשיסירט פון די מאַגנאַטן וועלכע האָבן אַנגע-שטעלט די פּאָליציי צו מאַכן אַ פּראָוואָקאַציע, ליגט אָבער טאָם מוני נאָך ביז היינט אין פּריזאָן — אַן אַלטער, גרויער מאַן, אָבער ניט געבראָכן אין גייסט און אויף „גנאַדע" וויל ער נישט מ'זאָל אים באַפרייען.

אַז פּיוווי האָט געעפנט די „שפּיגל-זייט" פון דער „מאָרגן-פרייהייט" — אַזוי האָט מען גערופן די דריטע זייט, ווייל זי איז דער סאַמע שפּיגל, וואָס שפּיגלט אָפּ ס'לעבן פון דער אַר-בעטער פאַמיליע—אירע האָפענונגען און אירע קאַמפן,—האָט ער צום ערשטן אַ קוק געטאָן אויפן קאַרטון „אַ וועלט מיט וועלט-

לעך", וואָס איז זייער קאָמיש און שאַרף. דערנאָך פֿלעגט ער לייענען אַנדערע זאַכן, וואָס ס'איז אים גרינג צו פֿאַרשטיין. דערנאָך די רעטענישן. און אַז ס'איז געגאַנגען אַ באַשרייבונג פֿון כאַווער אַלגין וועגן זיין אַמאָליקן לעבן אין אַ טורמע אין דער צייט, וואָס ניקאָליי איז נאָך געווען דער געקרוינטער הערשער פֿון אַלטן רוסלאַנד, האָט עס פּיוווי אויך געלייענט. נאָר ניט אַלץ דאָרטן האָט ער פֿאַרשטאַנען, ווייל ס'איז געווען געשריבן אין אַ טיפֿן, כאָטש פּראָסטן אידיש און עס איז געווען ניט אַזוי פֿאַר קינדער ווי פֿאַר דערוואַקסענע, ווי זיין טאַטע-מאַמע אַ שטייגער, וועלכע האָבן זיך דערמיט געקוויקט, ווי מיט עפּעס אַ געשמאַקן טרונק פֿון אַ קוואַל, ווען מע שטייט אַף די קני און מע גיט אַ דאָרשטיקן צי אַריין אין זיך דעם טרונק, און אין דערזעלבער צייט שפּיגלט מען זיך אָן אויך.

פֿאַרטיק געוואָרן מיט לייענען די ליטעראַטור, פֿלעגט פּיוווי באַלד אַריבערגיין צום קאָלום מיט ציפֿערן פֿון דער קאָמיטע צו באַפֿרייען טאָם מונין, וועלכע פֿלעגט וואַקסן פֿון טאָג צו טאָג.

דאָרטן פֿלעגט ער לייענען אַזוי:

| | |
|---|---|
| דזשאָן מיקלעסקי — — — — — — — — | .50 |
| דזשאָזעף שטיינמאַרק — — — — — — | .35 |
| קאַזשימיערזש פּאַווראָווסקי — — — | .10 |
| טאָני באַנאַפּאַטשיאָ — — — — — — | .14 |
| כאַווע גאָלדמאַן — — — — — — — — | .63 |
| געזאַמלט אַף אַ פּאַרטי — — — — — — | 3.78 |
| אַן אומבאַקאַנטער לייענער — — — — | .90 |
| טאָטאַל — — — — — — — — — — — | 6.40 |

„אָוואָ"‚ — האָט ער געטראַכט, — דער טאָטאַל איז שוין איינמאָל אַ גרעבער. ער גיט מער פֿון אַלעמען. ער גיט 6 טאָלער מיט 40 סענט. אָוואָ! ער מוז זיין, — האָט געטראַכט פּיוווי, — אַ גוט-באַצאָלטער אַרבעטער, דער טאָטאַל, און גרינג אַפֿן טאָלער.

צו מאָרגנס האָט פּיוווי ווידער געלייענט דעם קאָלום. דער גיט אַזויפֿיל, דער גיט אַזויפֿיל. ערשט צום סאָף — אַהאָ: טאָטאַל איז ווידער דאָ. און ער גיט נאָכמער ווי נעכטן. ער

איינער אַליין גיט אַזויפֿיל, ווי אַלע איינײנעם (פּיוּווי האָט אומיסטן צוזאַמענגערעכנט מיט אַ שטיקל קרייד).

אַזוי אַלע טאָג.

וויפֿל מ׳זאָל ניט געבן, אַריבערשטײַגן טאָטלען קאָן מען ניט. ער גיט אַלײן מער און מער און מער... עפּעס אַזוי ווי אַלע טאָג וואָלט ער געוואָרן רײַכער און רײַכער. און עס גייט אים שוין, ווײַזט אויס, אין צעלאָכעס, אַלעמען צו „ביטן", אַלעמען אַריבערצושטײַגן.

האָט זיך פּיוּווי שוין ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און געפֿרעגט בײַ זײַן פּאַפּאַ:

— פּאַפּאַ, דו קענסט אײנעם אַ טאָטעל?

— טאָטעל? — האָט געזאָגט פּיוּווים טאַטע און זיך געקראַצט מיט אַ פֿינגער אין שלייף, — טאָטעל? אָה, — האָט ער געזאָגט, — דו מוזט מיינען מאָ—טל, מאָטעלע שטומפּיקשטײַן, מיסעס שטומפּיקשטײַנס באָיטשיק, דער וואָס אַז מע גייט פֿאַרבײַ און מע זאָגט אים: העלאָו! שטעלט ער אַרויס די צונג. זײַער ניט קיין לײַטישער באָיטשיק, פּיוּווי... בעסער דו זאָלסט זיך פֿון אים ניט אָפּלערנען קיין מידעס...

— ניין, ניין, פּאַפּאַ, — האָט געזאָגט פּיוּווי, — דו ווייסט ניט וואָס איך מײן. איך מײן דעם רײַכן מיסטער טאָטעל — הי מאָסט בי ע ריטש מען, — זאָגט ער שוין אָף ענגליש.

— רעד אידיש, אַז דו רעדסט אידיש, — מוסערט דער פֿאָטער פּיוּווין, — און כאַפּ ניט אַזוי און שלינג ניט די ווערטער, ווי האַלישקעס.

— יו מין האָט קעיקס, — לאַכט פּיוּווי.

— איי מין טאַקע „האַלישקעס", — שפּאַסט דער פֿאָטער. — אין „יוראָפּ" איז נישטאָ קיין „האָט-קעיקס" — האַלישקעס איז יאָ דאָ... דאָס הייסט, ווי בײַ וועמען. בײַ אונדז איז קיין האַלישקעס אויך ניט געווען. צו האַלישקעס דאַרף מען האָבן טייג און ציבעלעס און שמאַלץ... קענגן וואָס פֿרעגסטו, פּיוּווי? און ווי קומט צו דיר, — מאַכט פּיוּווים פֿאָטער, — צו קענען זיך מיט נגידים? אויב ער איז זײַער אַ רײַכער, דײַן מיסטער

טאַטעל, איז ער ניט מיין קלאַס מענטש. מיט בורזשויען, — מאַכט ער — קער איך זיך ניט אָן, אפילע ווען זיי זיינען מיינע קרוויווים . . .

— אָבער, פּאַפּאַ . . . — בעט זיך פּיוווי, — ליסן טו מי . . . מיסטער טאַטעל איז אַן אַנדער סאָרט בורזשוי. ער גיט געלט צו באַפרייען טאָם מונין. אַלע טאָג גיט ער געלט. און וויפל איינער גיט, גיט ער מער. ער גיט מער פון אַלעמען. פּאַפּאַ, ער מוז זיין זייער אַ גוטער מענטש, דער מיסטער טאַטעל . . . עפּשער, — זאָגט פּיוווי, — איז ער אַן אַרבעטער אַ מיליאָנער. עפּשער האָט ער אָפּגעשפּאָרט מיליאָנען פון אַרבעטן בײַ עפּעס . . .

— זיי ניט קיין בעהיימע, פּיווי, — גיט אים דער פאָטער אַ לייכט פּעטשל איבערן קאָפּ, — און הער אויף נודיען. אַן אַרבעטער וועט אָפּשפּאָרן מיליאָנען, וועט ער אָפּשפּאָרן. וואָס נאָך וועסטו אויסטראַכטן?

— אָבער פּאַפּאַ, אַן אַרבעטער, וואָס גיט 480 טאָלער צו באַפרייען טאָם מונין—איין טאָג, און 160 טאָלער—דעם אַנדערן טאָג, און 713 טאָלער מיט אַ טאָג שפּעטער, איז זיכער ניט קיין אָרעמאַן — דאָס וועסטו צוגעבן . . .

— וואָס רעד—סטו? — זאָגט דער פאָטער שוין אויפ־געדעגט. — וואָס באַדערסטו מיך מיט דיינע פאַנטאַזיעס? 713 טאָלער אַ טאָג גיט אַן אַרבעטער? — מעשו—גע ביסטו?

דאָ נעמט פּיווי אַרויס די „מאָרגן-פרייהייט" און מאַכט:

— מיינסט, אַז איך טראַכט אויס, פּאַפּאַ? צי איך מאַך שפּאַס? אָט איז עס, פּאַפּאַ — שוואַרץ אַף וויים:

טאַטעל — — — — — — — — 173 טאָלער.

אַז דער פאָטער פּיוווים האָט ניט גענומען לאַכן און לאַכן און לאַכן.

ער האָט אַריינגערופן די מאַמען פון קיך און ביידע האָבן געלאַכט איניינעם. געלאַכט און געגלעט פּיוווין איבערן קאָפּ.

אַז זיי האָבן זיך שוין גוט אָנגעלאַכט, האָט דער טאַטע זיך אָנגעבויגן צו פּיוווין, אים צורעכט געמאַכט דעם שניפּס און געזאָגט גוטמוטיק, ווי טאַטעד:

— איי, זאָלסטו זיין געזונט, פּיוווי! טאָטעל איז ניט קיין מיסטער. טאָטעל מיינט די גאַנצע סומע, אַלע ציפערן צונויפגערעכנט. אַז מע פירט אונטער אַ כעזשבן, זאָגט מען „טאָטעל“. אַף אידיש הייסט דאָס: סאַכאַקל. פאַרשטייסט, פּיוווי? נאָר אַ גוט באַכערל ביסטו, סיי ווי סיי, און ס'קומט דיר אַ קניפּ אין בעקל פאַר אינטערעסירן זיך מיט דער „מאַרגן-פרייהייט“ און מיט טאָם מונין. דאָס זיינען אונדזערע באַשיצער און קעמפער און מיר דאַרפן זיי שטיצן מיט וואָס מיר קאָנען. דו הערסט, פּיוווּעלע? מיר דאַרפן זיי אַליין שטיצן און זיך ניט פאַרלאָזן אַף מיסטער טאָטלען — דעם גרויסן נאָגיד.

— איי סי, איך זע, — האָט געזאָגט פּיוווי.

— דו ווילסט זאָגן: „איך פאַרשטיי“, — האָט אים דער פאָטער פאַרבעסערט דעם אידיש. — וואָס פאַרשטייסטו, פּיוווי מיין טייערער?

— איך פאַרשטיי, פּאַפּאַ, אַז אַלע אַרבעטער אינאיינעם זיינען מיר אַזוי רייך, ווי דער רייכסטער טאָטעל . . .

און ער איז אַרויסגעלאָפן אין דרויסן אַרויס, שרייענדיק שוין אַף ענגליש:

— איי'ם גאָנע טעל איט טו עוועריבאָדי . . .



# איינס, צוויי, דריי

אַף עקסעציר
שטייען מיר,
אויסגעווירעט:
רויט אַף שוואַרץ.
לאַנגע ווירעס,
לאַנגע שורעס,
אַקסל גלייך
און פויסטן הויך.
מושטירן מיר
אין עקסעציר,
לעגינס וואָרט
אונדז גייט פאָרויס
וואו די גאָרע
וועלט איז גרויס.
וואו אַ ווייטער
ערדנטייל —
גייט דער רויטער
פייערזייל.

מאַרשירן מיר,
די פעלקער-שטאַמען,
שוואַרץ און ווייס,
און געל צוזאַמען.
וואָס מיר פאַרב?
און וואָס מיר הויט?
אַז יעדן מענטשנס
בלוט איז רויט.
איז גייען מיר
דעם טאָג אַנטקעגן,
מיר טרעפן אים
אַף אַלע וועגן.

זונגווערטס,
זונגווערטס,
ווייטער,
העכער;
אַלע גלייך
און אַלע זעכער.
טריט באַ טריט,
און מייל באַ מייל,
שורעס גלייכע,
גלייכע צייל.
„איינס, צוויי, דריי,
איינס, צוויי דריי."



איינער—
איז אינגאַנצן
ניט געווען.

איינער—
אַ בלינדער.

איינער—
אַ קרומער.

איינער—
אַ טויבער.

איינער—
אַ שטומער.

# אַן עק אָן אַ מייסע

## 1.

אַמאָל זיינען געווען פינף ברידער: איינער איז געווען אַ שטומער, איינער איז געווען אַ קרומער, איינער איז געווען אַ טויבער, איינער איז געווען אַ בלינדער און איינער איז אינגאַנצן נישט געווען.

איינמאָל זיצן אַזוי אַלע פינף ברידער באַ זייער טאַטן אין וויינגאָרטן (דער ברודער, וואָס איז אין-גאַנצן-נישט-געווען, איז פּונקט געקומען צופאָרן פון דער קאַונטרי). רופט זיך אָן דער שטומער צום טויבן:

— דו ווייסט „העפּשע" (געהייסן האָט ער אייגנטלעך „בימציק", נאָר ער האָט אים אומיסנע גערופן „העפּשע", קעדיי יענער זאָל נישט וויסן וועמען ער מיינט). דו ווייסט העפּשע, מיט מיר וועט נאָך אַמאָל געשען אַ נעס און איכ׳ל פּלוצלונג אָנהויבן רעדן . . . וועסטו זען!

— אַ נעס? — מאַכט דער טויבער. — ווי אַזוי קען מיט דיר געשען אַ נעס? דו ביזט דען אַ היגער?

— וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט „היגשאַפט"? — מאַכט דער שטומער. — גאָט אַליין, מאַכט ער, איז אויך נישט קיין

היגער, פונדעסטוועגן, מאַכט ער, אַז ער וויל טאָן אַ נעם — טוט ער!

— „טוטער!" — קרימט איבער דער טויבער און מאַכט פון ביידע ווערטער א י י ן וואָרט.

— זאָלסט וויסן, אַז ט ו ט ע ר! — ווערט שוין דער שטומער אין כעס. — גאָט איז אַ פ ו ה ט ע ר און וואָס ער וויל ט ו ט ע ר...

— פ ו ה ט ע ר - ט ו ט ע ר — קרימט ווידער איבער דער טויבער, — און דו זאָג מיר בעסער, מאַכט ער, וויפיל טעג זיינען פאַראַן אין גאַנץ קרוינפּוילן און וואו קומען אַהין די קורצקייטן פון די לאַסטיקלעך נאָכדעם ווי מעציציצי —

— מעציציצי! — קרימט שוין דאָס מאָל איבער דער שטומער, —אַז מעציצי — צעציטענזי... אַלצדינג וואָס מעציציט, איז צעצ, צעצוי, צעצוי, צעצויג, צעצויגן, און אַזוי גיך, מאַכט ער, ווי גאָט וועט העלפן און איכ'ל אָנהויבן רעדן וועל איך, מאַכט ער, רעדן און רעדן און רעדן — שוין פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס איך בין געווען שטום אויך.

— פּיסרעצטימירמאַדנע! — מאַכט דער טויבער מיט אַ גרויס וואָרט, — וואָס הייסט, גאָט וועט טאָן אַ נעם דאַפּקע מיט ד י ר? פאַרוואָס נישט מיט מ י ר? פאַרוואָס נישט מיט כמאַמטשען? פאַרוואָס נישט מיט שלאָשלען? זיי זיינען דאָך עפּעס עלטערע ברידער, צי ניין? — סאַהאָזעפונאַיונג!

אַז דער בלינדער האָט דערזען, אַז מע האַלט באַ פּעטש, האָט ער זיך אָנגערופן:

— פע, שעמען מעגט איר זיך! לייבלעכע ברידער זאָלן זיך נישט קענען פאַרטראָגן. נעמט בעסער, מאַכט ער, און נעמט זיך אָן באַ די מינצטע פינגערלעך און זאָגט „ריגעלע-ריגעלע-רויגעז", און בעט זיך איבער.

— ס'איז אַ גלייכע זאַך! — האָט געזאָגט דער קרומער, וואָס איז ערשט געקומען אַריינצולויפן פון גאַס, — און דאָס, וואָס איר זאָגט ניסים, מאַכט ער, האָב איך קעגן דעם אַ מייסעלע.

— ווייסיך וואָס! — האָט זיך אָנגערופן דער שטומער. — אויב דערציילן אַ מייסעלע, טאָ לאָזט מ י ך! איך קען בעסער.

און דער שטומער האָט אָנגעהויבן דערציילן.

## 2.

אַמאָל איז געווען אַ ראָוו מיט אַ באַרנבוים, האָבן זיי נישט געהאַט קיין קינדער, האָט איינס געהייסן יאָסעלע און ס׳אַנדערע איז א ו י ך געווען פון העקנסעק. אַז דאָס קלענסטע קינד זייערס, סאָרע־כייעס, איז אַלט געוואָרן פערטהאַלבן יאָר, האָט עס נאָר געוואָלט נעמען דעם מעלאַמעד אַף די פּלייצעס און אים שלעפּן אין כיידער אַריין. אָבער דער מעלאַמעד האָט געדריגעט מיט די פיס און זיך נישט געלאָזט און געשריגן: „מאַ—מע!“

אַז די רעבעצן האָט געזען, אַז ס׳איז שלעכט, האָט זי גענומען און אויסגעשלאָגן די מעלקעדיקע קו, האָט זי געהאַט פּוטער אַף שאַבעס. איצט האָט נאָך געפעלט צימעס און קוגל. וואו נעמט מען צימעס מיט קוגל? איז איר איינגעפאַלן: זי וועט אָוועקגיין צום טייך, עפשער האָט עמיצער אַריינגעוואָרפן אַ לאָקשנקוגל, וועט זי אים כאַפּן. און צימעס? — צימעס וועט גאָט העלפן. אַז ער האָט שוין געהאָלפן אַ ז ו י ווייט, וועט ער שוין ווייטער אויך ניט פאַרלאָזן.

דערווייל איז געוואָרן ווינטער. עס האָבן זיך געשטעלט די גרויסע היצן, אָבער די קינדערלעך האָבן זיך, נעבעך, נישט געקענט גיין גליטשן, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין בלעכענע שיך און גליטשן זיך איבערן אייז באָרוועס, האָבן זיי נישט געקענט, ווייל די פיס זיינען בא זיי געווען צו וואַרעם, און זיי האָבן מוירע געהאַט, אַז דאָס אייז וועט זיך צעשמעלצן.

האָט מען געזען, אַז ס׳איז שלעכט, האָט מען גענומען דעם שליטן מיט רעדער און זיך אָוועקגעלאָזן צופוס איבערן שטאָט, רופן אַ מיטינג און זען (איין מאָל פאַר אַלע מאָל) וואָס טיצאַכדאָ!

האָבן זיך צונויפגעקליבן אַלע שענסטע באַלעבאַטים פון שטעטל: איינער אַ בלינדער, דער צווייטער אַ טויבער, דער

דריטער אַ קרומער, דער פערטער אַ שטומער און דער פינפטער איז אין גאַנצן נישט געווען — — —"

אַז דער טויבער האָט דערהערט די מייסע, וואָס דער שטומער דערציילט, האָט ער אַ ווינק געטאָן צום בלינדן און צום הינקעדיקן, אַז מ'זאָל דעם שטומען נישט לאָזן דערציילן ווייטער.

— גענוג! — האָט אַ געשריי געטאָן דער טויבער. — איך וויל נישט הערן אַזוינע ליגנס. איך וויל נישט הערן!

אַז דער בלינדער האָט דערזען, וואָס דער שטומער האָט דאָ אָנגעאַרבעט, איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן, און ער האָט אַ זאָג געטאָן צום קרומען:

— קום, לאָמיר אַנטלויפן, וואוהין די אויגן וועלן אונז טראָגן, אַבי נישט צו זיין מיט די ליגנערס אונטער איין דאַך.

— לויפן מיר! — האָט געזאָגט דער קרומער.

— וואוהין די אויגן וועלן אונדז טראָגן! — האָט נאָכגעזאָגט דער בלינדער.

— וואָס הערן מיינע אויערן? — האָט געזאָגט דער טויבער, דערהערנדיקער די טריט פון די לויפנדיקע ברידער זיינע. נאָר אַזוי ווי בלייבן איינענקער אַליין האָט ער ניט געוואָלט, האָט ער געכאַפּט און מיטגעלאָפן מיטן קרומען, וועלכער איז געפירט געוואָרן פונעם בלינדן לויטן דייטלעכן באַפעל פונעם שטומען.



# פאָרפאַלקן

פאָרפאַלקן מיט נעמען,
ווי ליבע און לייבע
איז טאַקע, ווי זאָגט מען,
נאָר צום באַשרייבן.

און אָט אַזאַ פּאָרל
ווי כייעם און כייע,
זיי צו באַשרייבן
איז דען ניט קעדיי, ע?

בערל מיט פערל
און סימע מיט סיאָמען
פאַרבייטן זיך אויכעט
גרינג מיטן נאָמען.

פון ליפע און ציפע
און יאַשע און מאַשע
קומען אַרויס די
גרעסטע מיש-מאַשן.

פון כאַנע און כאָנע
און אָרע און סאָרע
קומען אַרויס נאָך
גרעסערע צאָרעס.

צום טעלעפאָן רופט מען „ל י י ב ע!“
לויפט — ל י ב ע.
אַ שכיינע צו קינד גייט, שרייט „כ אַ נ ע!“ —
קומט כ אָ נ ע.

אַ דאָקטער באַזוכן קומט ב ע ר ל ע ן —
קרעכצט פּ ע ר ל.
אַ בריוול פאַר „קאָנטאָראָוויטש צ י פּ ע“
עפנט-אויף ל י פּ ע.

עס שטעקט ניט קיין כאָכמע אין נאָמען,
געזאָגט האָט ביל שעקספּיר;

נאָר ס'ווייזט אויס אין פּלאָנטערס אַזוינע
ניט געהאַט האָט ער עקספּיר —
ריענס.



# קלינגל-ווינגל

קלינגל-ווינגל פאָרט דער ווינט
אַף אַ שטילן לאַנדאָלינד.
שפּילט זיך נאָר מיט גרינגע זאַכן
און ער וויל קיין מעל ניט מאַכן.

וואַרטן מילן אַף זיין קומען
(האָבן שוין זיין קאָל פאַרנומען!)
ער זאָל מאָלן מעל אין מיל,
און די רעדער שטייען שטיל.

קלינגל-ווינגל פאָרט דער ווינט
אַף אַ שטילן לאַנדאָלינד.
פלידער-פלעדער פליט ער אום
און ער זאַמט זיך אומעטום.

באַ די מילן ליגן פערד,
פויערימלעך מיט הארטע בערד —
ליגן טויט־פאַרשמאַכט און שטיל
און זיי וואַרטן אַף דער מיל.

טוואָועס ליגן באַ דער שוועל
און זיי ווילן ווערן מעל.
קלינגל־ווינגל — ווייס איך וואָס !
אַז ער שפּילט זיך מיטן גראָז.

וואַרטן יאָמען אַף זיין קומען
(האָבן שוין זיין קאָל פאַרנומען !)
ווילן שיפן אונטערגיין
און זיי קענען ניט אַליין.

וואַרטן דעכער אָפּצופליען
און זיי טוען זיך באַמיען.
נאָר דער ווינט ער קומט ניט אָן,
ווייסן זיי ניט וואָס צו טאָן.

קלינגל־ווינגל פאָרט דער ווינט
אַף אַ שטילן לאַנדאָלינד.
און ער שפּילט זיך און ער לאַכט
פונעם טאָג אריין ביז נאַכט.

# פון הינטער די פּינצטערבערג

### אָדער

## די געשיכטע פונעם דיוק אָוו סמאָל פּאָטייטעס און דעם באַראָן פאָן עפּעסעסן און זייערע צוויי זין: אַלקאַסעלצאַ און קאָרנפלייקס

### .1

דער דיוק אָוו סמאָל פּאָטייטעס איז געווען אַ פּעטער, אַ קורצער און אַ קלעפּיקער, אַזוי ווי פון רויען טייג. ער האָט געהאַט רויטלעכע באַקנבערד, אַזוי ווי דאַרע לעמטשאַפּס, וואָס מ'פאַרקויפט אין אַטאָמאַט. זיין פריינט דער באַראָן פאָן עפּעסעסן איז געווען אַ הויכער און אַ גרינלעכער, אַ דינער ווי פאַרטריקנט. ער האָט געהאַט אַ לענגלעכן נאַקן מיט אַ טיף גריבעלע, הויך אַרויפצו לעבן געגאָלטן קאָפּ און ער האָט געטראָגן אַ מאָנאָקל אויף אַ שוואַרץ בענדל. דער־אַ מאָנאָקל איז אַלע מינוט אַראָפּגעפאַלן און ער האָט אים אַלע מינוט אַריינגעשטופּט צוריק אין אויג אַריין, ווי מ'שטופּט אַ קינד אין מויל אַריין אַ לעפל מיט ריצן־אויל און עס לאָזט זיך ניט.

סיי דער דיוק אָוו סמאָל פּאָטייטעס און סיי דער באַראָן פאָן עפּעסעסן האָבן איצט געלעבט אין דער עמיגראַציע, ווייל ביידע זיינען געווען פון אַלטן צאַרישן אַדל, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אויסגעקערט מיט אַ בעזים אין יאָר 1917. ביידע האָבן אַרויסגעראַטעוועט פון רוסלאַנד אַ ביסל דימענטן און גאָלד און טעוועלעך שמעקעדיקע זייף און זיינען אַנטלאָפן קיין פראַנקרייך, וואו עס האָבן די ערשטע יאָרן נאָכן פאַלן פונעם צאַריזם געלעבט אַ גרויסער צאָל פון זיי. אַ סך פון די אַנטלאָפענע „ווייסע" זיינען איצט געווען אָנגעשטעלט אין רעסטאָראַנען. אין יענע




יאַרן האָט איר, עסנדיק אייער באָרשט, אין אַ פּאַריזער עמי־גראַנטן־רעסטאָראַנדל געקאָנט הערן פון קיך אַזוינע אויסרופן ווי:

— הער באַראָן, טראָגט אַרויס מ׳ציבער, זייט אַזוי גוט. ער איז שוין פול . . .

— פּרינצעסן, זייט אַזוי גנעדיק און שיילט אַ ביסל דינער די קאַרטאָפליעם . . .

— הער גענעראַל, גיט אַכטונג די קאָטלעטן זאָלן זיך ניט פאַרברענען . . .

דער דיוק אָוו סמאָל פּאָטייטעס, אַזוי גוט ווי דער באַראָן פאָן עפּעסעסן, האָבן זיך אַרומגעקוקט פון וואָס מ׳קאָן דאָ מאַכן אַ לעבן. אַרבעטן האָבן זיי ערשטנס ניט געוואָלט, צווייטנס ניט געהאַט באַ וואָס, ווייל זיי האָבן ניט געקענט אפילע אַ קאַץ אָן עק פאַרבינדן. האָבן זיי זיך וואָכנלאַנג אַרומגעדרייט אין פּאַריז שלינג־און־שלאַנג, ביז זיי האָבן אויפגעגעסן דאָס ביסל

דימענטן מיט די אַנדערע צירונג־שטיינדלעך וואָס זיי האָבן מיט־געבראַכט מיט זיך קיין פראַנקרייך. אַז דאָס געלט איז אויס־געגאַנגען האָבן זיי לאַנג און לאַנג געטראַכט. בײַ דעם דיוק אָוו סמאָל פּאָטייטעס זײַנען די טייגיקע באַקן געוואָרן נאָך טייגיקער און די לעמטשאָפּס זײַנע האָבן גענומען גרוי ווערן מיט פאַר־שימלטן פעטס. באַם דאָרן באַראָן פאָן עפּעסעסן איז איצט דער מאָנאָקל שלאַבריק נאָכגעהאַנגען אַפן שוואַרצן בענדל, ווי אַ גלעזערנע טרער.

נאָך לאַנגן און לאַנגן טראַכטן האָבן דער דיוק אָוו סמאָל פּאָטייטעס און דער באַראָן פאָן עפּעסעסן באַשלאָסן, אַז פראַנק־רייך איז פאַר זיי ניט קיין אָרט. זיי פאָרן ערגעץ אַנדערש, זיי ווילן ניט אויסזאָגן וואו־אַהין.

## 2.

לאָזן מיר איבער דעם דיוק אָוו סמאָל פּאָטייטעס דאָרטן וואו ער איז, אייניינעם מיט זײַן גוטנברודער דעם באַראָן פאָן עפּעס־עסן און מיר נעמען זיך צו די צוויי קינדער זייערע: דעם דיוקס אַ זונדל פון אַ יאָר 14 מיטן נאָמען אַלקאָסעלצאַ, אַ אינגל אַ געשטופּלטס, מיט אַ שוואַרצן טשופּ ביז צו די אויגן און צווישן ביידע ברעמען איז בײַ אים ניטאָ קיין שום פאַנאַנדערשניט, אַזוי ווי ער וואָלט געהאַט איין גרויסע, געקרייזלטע, שוואַרצשטעכע־דיקע וואָנטשע אַפן שטערן. דער אַנדערער — דעם באַראָנס זונדל איז געווען פון אַ יאָר 15. ער האָט געהאַט אַ לאַנג אַראָפּ־צו־צו־דיק פּאָנעם, ווי עמיצער וואָלט עס, ווען עס איז נאָך געווען ווייך, אָנגענומען בײַ דער מאָרדע און עס אַ שלעפּ־געטאָן אַראָפּצוצו. געהייסן האָט דאָס באָכעל געהייסן „קאָרנפלייקס" און אַף דער זייט פונעם גרויסן און שפּיציקן קאָפּ זײַנען בײַ אים געשטאַנען צוויי האָזענע, דערשראָקענע אויערן, וועלכע האָבן זיך, ווייזט אויס, געריסן ניט אַנדערש נאָר אים קוקן אין די בלאָ־גלעזערנע אויגן אַריין.

ווי אַזוי די צוויי באָכערימלעך, זין פונעם אַדעלן שטאַם, אַלקאָסעלצאַ און קאָרנפלייקס זײַנען פאַרוואָרפן געוואָרן קיין

אַמעריקע, ווייסט מען ניט ביז היינטיקן טאָג. מען ווייסט נאָר, אַז זיי האָבן געוואוינט אין דעם אידיש־אוקראַינישן געגנט פון דער דריטער סטריט, אַרום עוועניו איי, און אַז זיי זיינען געווען די דזשענעראַל־דירעקטאָרס פון דער פירמע „קאַלטע און וואַרעמע יאַרמיקעס, לימיטעד", וואָס מיר'ן דאָ באַלד באַשרייבן. ווי אַזוי און פונוואַנעט עס האָט זיך גענומען צו קינדער פון צאַרישן איכעס צו כאַפּן זיך — פון אַלע זאַכן אין דער וועלט — צו יאַרמיקע־ביזנעס, קאָן מען אויך ניט דערקלערן אַקוראַט. זיכער איז, אַז דאָס געשעפט מיט די „קאַלטע און וואַרעמע יאַרמיקעס", וועלכע איז געווען איינגעשטעלט אַפן פּרינציפּ פון „עיר־קאָנדי־שענינג", איז, מיט דער צייט, געוואָרן אַ היפּשער דערפאָלג, מיט הונדערטער און עפּשער ט ו י ז נ ט ע ר סוירווים־סטיישאָנס איבער גאַנץ גרייטער ניו יאָרק, ניו דזשוירזי, פּענסילווייניע און סטעטן איילאַנד.

דער מער פּיפּיקער פון די צוויי קליינע ביזנעסלייט, אַלקאַ־סעלצאַ, האָט דערקלערט צו אַ רעפּאָרטער, אַז די אידייע פון „הייסע און קאַלטע יאַרמיקעס" איז אים איינגעפאַלן עפּעס אַזויאַ, גאָר פּלוצים. ער האָט זיך גאָרניט געריכט דערויף. גייענדיק אַזוי איינמאָל אַהיים פון סקול אין אַ הייסן טאָג, דערציילט אַלקאָסעלצאַ, האָט ער געזען אַף ריווינגטאָן סטריט ווי פרומע אידן מיט בערד, וועלכע טראָגן יאַרמיקעס, ליידן פון דער היץ מער ווי אַלע אַנדערע מענטשן און ווי זיי שלעפּן אַלע ווײלע אַפיר די יאַרמיקע פון אונטער די דוירבים און זיי פאָכן מיט זיי אינדערלופטן, זיי זאָלן זיך אָפּקילן. אין יענעם מאָמענט, זאָגט ער, איז אים איינגעפאַלן דער פּלאַן צו גרינדן אַ קאָמפּאַניע. די נעמלעכע קאָמפּאַניע וועט אָנטאָן אינגלעך אין אוניפאָרמס, אַזוי ווי די אייז־קרים פּאַרקויפער אַף די אָטאָמאָביל־הייוועיס, יעדער מיט אַן עמערל וואַרעמע יאַרמיקעס אום ווינטער און מיט קאַלטע יאַרמיקעס אום זומער. די יאַרמיקעס, גיט ער צו פאַרשטיין, זיינען „עיר־קאָנדישאָנד", מיט קליינע מאָטאָרלעך אינעווייניק און זיי זיינען געמאַכט מיט טאָפּלטע פאַכן, וועלכע זיינען אינדערמיטן אָנגעפילט מיט אַזאַ מין שטאָף, וואָס דערלאָזט ניט, אַז די קעלט אָדער די וואַרעמקייט זאָל אַרויסגיין צו

שנעל. יעדע יאַרמיקע איז גאַראַנטירט צו האַלטן וואַרעם, אָדער קיל, 8 שעה. אַז די 8 שעה גייען אויס, טראָגט איר זי אַריין אין נעענטסטן „יאַרמיקע סוירוויסינג סטיישאַן“ און דאָרטן פּאָמפּעט מען אַריין נייע לופט, פאַר בלויז 1 פּעני. נאָך דריי כאַדאָשים קענט איר זי „רעפילן“, אָדער „סוירוויסן“, אָדער „אָווער-האָלן“, אָדער איבערבייטן אַף אַ נייער יאַרמיקע, פאַר אַ צוגעגנגלעכן פּרייז.

אָט אַזוי-אַ האָבן זיך די צוויי כעוורע-לייטלעך אַרויפגעאַרבעט, געוואָרן „סעלף-מייד-מען“ און מענטשן האָבן אָנגעהויבן קוקן אַף זיי גאָר אַנדערש. די צייטונגען האָבן אָפּט געדרוקט אין דער ראָטאָגראַווויר-סעקשאָן, בילדער פון אַלקאַ און פון קאָרן, און די „ניויאָרק טיימז“ האָט געדרוקט אַ בריוול פון איר אויסלענדישן קאָרעספּאָנדענט, וואו ער האָט דערציילט, אַז די ווייס-גוואַרדייאישע רוסן אין מעמעל לייקענען אָפּ דעם פאַקט, אַז אַלקאַסעלצאַ און קאָרנפלייקס זיינען קינדער פון אַמאָליקע צאַרישע אַדל-לייט און ער האָט אַפילו געגעבן אָנצוהערן, אַז היטלער קלויבט זיך אַריינצושיקן וועגן דעם אַ שאַרפע פּראָטעסט-נאָטע. דער איינציקער אָפּהאַלט איז נאָר, וואָס ער ווייסט נישט צו וועמען.

עס איז אַוועק אַ יאָר און צוויי און דריי און פיר און — די צוויי אינגלעך זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן אַפן זעלבן געהיימניש-פולן אויפן ווי זייערע טאַטעס, דער דיוק אָוו סמאָל פּאָטייטעס און דער באַראָן פאָן עפּעסעסן.

***

מיילע, ניטאָ איז ניטאָ. די „קאַלטע און וואַרעמע יאַרמיקע“ ביזנעס איז דערוויילע אַריבער צום „רעסיווער“ אין די הענט אַריין. די פירמע האָט געהאַלטן אין אונטערגיין, און אַף וואָל סטריט האָט זיך דאָס שלעכט אָפּגערופן. נאָר וואו די „סעלפמייד“ מאַגנאַטן אַלקאַ-קאָרן זיינען אַהינגעקומען — האָט מען נישט געוואוסט.

ערשט אַפן פינפטן יאָר פון זייער פאַרשווינדן, האָט זיך

געגרינדעט אַ קאָמיטע פון 3 קאָרטנוואַרפערס, וועלכע האָבן באַשלאָסן אויסצופאָרשן די גאַנצע זאַך און זען — וואָס, ווער, ווען.

זיי האָבן זיך אַלע דריי אָנגעשמירט די קערפערס מיטן צויבערלעכן עלנבויגנשמאַלץ און זיך גענומען אויפהייבן אין דער לופטן, פּאַטשנדיק מיט די הענט. זיינען זיי אַזוי געפלויגן אַלץ העכער און העכער, ביז דאָס צויבערשמאַלץ האָט זיך אויסגע־ברענט פון רייבן זיך מיט דער לופט. דאָ זיינען זיי געוועזן אין גרוים געפאַר אַראָפּצופאַלן און דערהאַרגעט ווערן. איז איינעם פון די קאָרטנוואַרפערס איינגעפאַלן אַזאַ זאַך: אַזוי ווי זיי זיינען שוין אַריבער די וואָלקנס און זיי זיינען שוין אין הימל, וואו עס פליען אַרום מאַלאָכים, מיט ענגלען, וועלן זיי אַרויסשטעלן די גראָבע פינגער און בעטן אַ היטש.

וואָס טויג עס אייך, זיי האָבן געקראָגן אַ היטש און נאָך דריי וואָכן פליען זיינען זיי דערפלויגן צו די האָרייכווישעך, וואו עס האָט אַף זיי שוין געוואַרט דער דיוק אָוו סמאָל פּאָטייטעס



און דער באַראָן פאָן עפּעסעסן מיט זייערע זין : אַלקאָסעלצאַ און קאָרנפּלייקס. נאָר וואָס זאָלן מיר אייך אויסטראַכטן מייסעס, קינדער ? מיר'ן אייך איבערגעבן וואָרט-אָמע-וואָרט אַ בריוול, וואָס איינער פון די קאָרטנוואָרפערס האָט געשריבן צו זיינעם אַ אידישן פריינט סעמיבאַי אַף סאָפאָלק קאָרנער דילענסי סטריט, אָפן צווייטן פלאָר, צו דער בעק.

***

דער בריוו לייענט זיך אַזוי :

טייערער פריינט סעמיבאַי.

איך און די אַנדערע קאָרטנוואָרפערס זיינען גליקלעך אָנגעקומען אין די האָרייכווישעך, וואו עס האָבן אַף אונדז געוואָרט מיט אַ בענד מיוזיק און מיט פּאָסטראָמע סענדוויטשעס (דאָבל-דעקערס) דער דיוק אָוו סמאָל פּאָטייטעס מיט זיין זון אַלקאָסעלצאַ און דער באַראָן פאָן עפּעסעסן מיט זיין זון קאָרנפלייקס. איך זאָל דיר וועלן אַרויסשרייבן פון אונדזער לעבן דאָ און וואָס מיר האָבן זיך דאָ אָנגעזען און אָנגעהערט אין די עטלעכע וואָכן וואָס מיר זיינען דאָ, וואָלט איך באַדאַרפט האָבן : הונדערט טויזנט בייגן פּאַפּיר און דעם גאַנצן קאַנאַרסי ריווער מיט טינט. איז נאָך אויך אַ פראַגע. ווייל ניט אַלץ וואָס מ'זעט דאָ און מ'הערט דאָ מעג מען אַרויסשרייבן. איך וויל דיר בלויז זאָגן, סעמיבאַי, אַז מיר זיינען זייער-זייער ווייט פון דיר און פון סאָפאָלק סטריט. ווי ווייט די שטרעקע איז צווישן אונדז און עוועניו איי, וואו אַלקאַ און קאָרן האָבן אַמאָל געהאָט זייער ערשטן „יאָרמיקע סוירוויסינג און רעפילינג סטיישאָן", קאָנסטו דיר מאַכן אַ באַגריף פון דעם פאַקט, אַז שיקן פונדאַנעט אַ פּאָסטלקאָרט קיין ניו יאָרק קאָסט 140 דאָלער מיט עטלעכע סענט.

. . . דאָ-הי וואָלט מען שוין, ווי מ'זאָגט, געקאָנט לעבן : ווייל עס וואַקסן דאָ אַזוינע קאָקאָ-נים, וואָס פון אינעווייניק זיינען זיי אָנגעפילט מיט באַשמאָלצענער קאַשע. אַנדערע קאָקאָ-נים, אַז מ'קנאַקט אויף, געפינט מען אינעווייניק געבראָטענע

קאַטשקעס מיט קרענבערי־סאָס. נאָך אין אַנדערע געפינט מען טעפּעלעך מילך און געבאַקענע עפּל. רויכערן רויכערן דאָ אַלע פונעם ציגאַר־בוים. דאָס איז אַזאַ מין הויכער בוים אָן בלעטער און אָן צווייגן, וועלכער האָט די פאָרם פון אַ ציגאַר. אין יעדער סטריט איז פאַרפלאַנצט אַזאַ בוים, וועלכער — אַז מען צינדט אים אָן פון אויבן — רויכערט ער זיך עפּשער אַ האַלב יאָר. די וואָרצלען פון דעם־אַ בוים זיינען אויסגעהוילטע, ווי רערלעך און אַכוץ דעם ה ו י פּ ט וואָרצל וואַקסן אַלע פונויבן־אויף, אַזוי אַז מ׳קען זיי אַריינציען אין די שטיבער אַריין דורך די פענצטער און רויכערן. וואָלט שוין געווען, דאַכט זיך, אַלעס גוט, אַיאָ, סעמיבאָי? איז אָבער טראָבל מיטן — שלאָף.

מיטן שלאָף איז דאָ אַזוי: מ׳שלאָפט ניט גלאַט אין דער וועלט אַריין, אַזוי ווי באַ אייך, אין אייערע מעקוימעס, נאָר יעדער האָרייכווישעכדיק לאַנד באַקומט פון דער היגער וועלט־אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „ליג אָוו איינגעלייגט" אַ באַשטימטע פּאָרציע שלאָף פאַרן גאַנצן פאָלק, און דערנאָך — טוט זיך דער־מיט וואָס איר ווילט.

געוויינטלעך פאַרכאַפּן די רייכע און מעכטיקע די גרעסטע פּאָרציעס שלאָף פאַר זיך. זייער אַרגומענט איז, אַז זיי האָבן מער צייט דערצו און אַז פאַר די אַרבעטער איז ניט געזונט צו שלאָפן מער ווי אַ 4 שאָ אַ נאַכט. ווייל די אַרבעטער, זאָגן זיי, דאַרפן בויען הייזער, איינזאַמלען און קנאַקן די ניס, אַראָפּטרייבן די פליגן פון די שלאָפנדיקע באַלעבאַטים און אַזוי ווייטער. איז אויפסניי די אייגענע מייסע, סעמיבאָי — ווער עס האָט לענגערע פינגער, דער כאַפּט מער. דער סיסטעם פאַרן ריטייל־געברויך פונעם שלאָף איז דאָ אַזאַ: דו קומסט אַריין אין הויפּט שלאָף־מאַגאַזין מיט אַ ווייס זיפּער־ציכעלע, גיט מען דיר דיין פּאָרציע שלאָף פאַר 1 נאַכט און דו גייסט אַהיים דערמיט. אַז דו לייגסט זיך שלאָפן ווערט דאָס זיפּער־קישעלע אַלץ פלאַכער און פלאַכער; דאָס הייסט, אַז דער שלאָף גייט אויס, אַז סע ווערט אימגאַנצן פלאַטשיק — כאַפּסטו זיך אויף.

וויסן דאַרפסטו, סעמיבאָי, אַז דער שלאָף אַליין טיילט זיך

דאַ אַף אַלערליי סאָרטן. דער שיטערסטער שלאָף איז פון אויבן, גרוי ווי אָפּגעשטאַנען וואַסער אין אַ פלעשל מיט מעדיצין. דער פעטער, שוואַרצער, געדיכטער שלאָף איז העט אונטן אַפן דעק פון די שלאָפקעסלען (דעם גיט מען ניט די אָרעמע לייט). פאַראַנען אויך צוגעפאַרבטער שלאָף: ראָזער — פאַר קינדער, פאַטן און טאַנצמייסטערס; גרינער פאַר אינגלעך מיט מיידלעך; ברוינער, קאַלאַמוטנער שלאָף — פאַר קראַנקע, און אַנדערע קאָלירן שלאָף, אין וואַסערפאַרב, אין קרעיאָן, אין פאַסטעל, אַכוץ דער שוואַר־צער, פעטער שלאָף, וועלכער קומט בלויז אין אוילפאַרב.

דו דאַרפסט אויך וויסן, סעמיבאַי, אַז באַ אונדז לעשט מען פייער מיט שלאָף. אַזוי גיך ווי עס ווערט ערגעץ אַ סרייפע, לויפן אַרוים די פייערלייט און הויבן אָן שפריצן מיט שלאָף. דאַרפסטו שוין זען, ווי די גרעסטע פלאַמען שטעלן זיך אַפּ אינ־מיטנדרינען, הערן אויף קנאַקן און בלייבן הענגען ווי פאַר־גליווערט. אַפילע דער רויך און אַפילע דער ווינט אָדער דער רעגן — ווערט באַ אונדז אָפּגעשטעלט מיט שלאָף!

איינמאָל איז דאָ געוואָרן אַ גרויסער בליזאַרד, האָט מען באַפוילן די פייערלייט זיי זאָלן אים באַשפּריצן מיט שוואַרצן, געדיכטן שלאָף, איז דער בליזאַרד אַנדרימלט געוואָרן אינדער־לופטן און איז אַזוי אָפּגעשטאַנען ביז אין זומער, ווען ער איז צעגאַנגען געוואָרן פון דער היץ!

יעגער, אַז זיי גייען דאָ אַף יאַגד — שיסן זיי מיט אַזוינע שלאָפביקסן. איז, מיילע פון פייגל רעדט מען ניט — זיי פאַלן אַראָפּ ווי פליגן. נאָר אַפילע טיגערן און לייבן, אַז זיי ווערן גע־טראָפן פון די שלאָפקוילן, פאַלן זיי אַוועק ווי שלאָפנדיקע קעץ און הויבן אָן שנאָרכן און מ'פירט זיי אַוועק אַף אַזוינע וועגעלעך.

פאַרשטייט זיך, אַז די רייכע קומען ניט אַליין, נאָר זיי שיקן זייער דינערשאַפט נאָכן שלאָף. האָבן זיי דאָך אָבער מוירע, אַז וואַרטנדיק אין דער ריי באַם שלאָף־מאַגאַזין אַף זייער נעקסט, וועלן די דינער אויסנוצן אַ ביסל שלאָף פאַר זיך אַליין, האָבן זיי איינגעפירט אַ סיסטעם פון פאַרקלעפן די דינערס אָפענע אויגנ־דעקלעך מיט אַדהעסיוו־טעיפּ, זיי זאָלן זיך ניט קענען צומאַכן. איז מיילע, שוין אַך און ווי צו די אָרעמע לייט! פון דעם

ביסל שלאָף וואָס זיי קריגן אין די ציכעלעך בלייבט זיי נאָך אויך ניט אַלץ פאַר זיך. ווייסט פאַרוואָס, סעמיבאַי? ווייל די רייכע פירן־צו געהיימע פייפס צו די אָרעמאַנסקע צוקאָפּנס און צאַפּן אַזוי שטילערהייט אַרויס וויפיל שלאָף זיי קענען נאָר (עס איז אַזוי ווי „טעפּן דעם ווייער" פאַר עלעקטרי), אַלץ מיט דער איינענער טיינע, אַז ס'איז אַן אווירע, אַז אַרבעטער זאָל צע־פּאַטערן די צייט מיט שלאָפן. מיילע מיר באַלעבאַטים, זאָגן זיי, ווי מיר. מיר גייען סיי־ווי־סיי, זאָגן זיי, אַרום פּוסט און פּאַס, אָבער איר, זאָגן זיי, איר די באַשאַפער פון אַלדאָסגוטס, זאָגן זיי, אַז איר שלאָפט איז יעדע מינוט, זאָגן זיי, אַ כילעלאַשעם. שטעלט זיך פאָר, זאָגן זיי, וויפיל קאַקאַ־ניס איר וואָלט געקאָנט פאַר אונדז אויפקנאַקן און וויפיל פּאַלאַצן איר וואָלט אונדז גע־קאָנט, זאָגן זיי, אויפבויען, ווען איר זאָלט זיך, זאָגן זיי, אָפּ־געוואוינען פון דער מיעסער טעווע, זאָגן זיי, פון שלאָפן. טאָמער, זאָגן זיי, האָט שוין די נאַטור געלייזט פאַר אונדז די ברויט־פראַגע, איז דהער יו אַר, זאָגן זיי, אַ נייער טראָבל מיט שלאָפן!

דאָס איז נאָך ניט דער איקער, סעמיבאַי. דער איקער איז די „ליג אָוו איינגעלייגט", וועלכע דאַרף, לויט אירע סטאַטוטן, רעגולירן, באַשרענקען און איינטיילן גלייך צו אַלע פעלקער — דעם שלאָפשטאָף, וועלכער געפינט זיך אונטער איר קאָנטראָל.

דאָ הויבט זיך אָן די צאָרע.

דאָס לאַנד וואו מיר געפינען זיך איצט, אַ שטייגער, הייסט ביקסמאַניאַ. דאָס אַנדערע לאַנד — נעקסט צו אונדזערן, הייסט שווערדאַליאַ. האָט די „ליגע", לויט איר מיסיע, איינגעטיילט אַ געוויסע קוואָטע שלאָף פאַר יעדן פון די צוויי לענדער באַזונדער, לויט דער צאָל פון די מענטשן, וואָס געפינען זיך אין יעדן לאַנד. וואָלט מען שוין, ווי עס איז, דורכגעקומען מיט דעם ביסל שלאָף וואָס ס'איז דאָ, ווייל, ווי זאָגסט דו, די רייכע האָבן אומעטום גענוג, און די אָרעמע האָבן אין ערגעץ ניט אַפילו האַלב אַזוי־פיל ווי זיי דאַרפן. האָבן אָבער די הערשער פון ביקסמאַניאַ באַ־שלאָסן באַ זיך, אַז די ביקסמאַניסטן זיינען די איינציקע ריינע ראַסע אַף דער וועלט און די איבעריקע פעלקער זיינען — פע, פו, — אויך מיר מענטשן און מען דאַרף זיי אויסראָטן, כאָרעוו

מאַכן, צערייבן ווי די פֿליגן. און אויב אויסראַטן און כּאַרעווע־מאַכן, איז די בעסטע זאַך, פֿאַרשטייט זיך אונטערצוגראָבן דעם שלאָף, ווייל ברויט איז דאָ ניט קיין שום פּראָבלעם, ווי איך האָב דיר שוין באַשריבן.

וואָס־זשע טוען די ביקסמאַניער? נעמען זיי אַזוי שטילער־הייט און וואַרפֿן אַריבער אַן אַרמיי פֿון אַ האַלבן מיליאָן מאַן איבער דער גרענעץ פֿון שווערדאַליע, פֿירן־צו אונטערערדישע רערן צו די צענטראַלע שלאָפֿקעסלען און זיי לייגן זיך דאָרטן שלאָפֿן. וואָס הייסט שלאָפֿן? מען ליגט הינטער די בערג ווי געהאַרגעטע און מען שלאָפֿט און מען כראָפּעט, אַז עס גייט אַזש אַ רויך.

צומאָרגנס באַנאַכט, אַז ס'ווערט פֿינצטער און די שווער־דאַליער באַלעבאַטים ווילן גיין שלאָפֿן, ערשט מ'כאַפּט זיך, אַז אַרום דריי באַנאַכט איז שוין אויס שלאָף! ניטאָ אַ טראָפּן שלאָף, כאָטש דערהאַרגע דיך...

מיילע די אָרעמע, ווי די אָרעמע — זיי זיינען שוין געווען געוואוינט, אַז מ'זאָל גאַנוועגען בײַ זיי דעם שלאָף. אָדער אַז ניט טרעפֿט זיך גאָר, אַז די שלאָף־פּאָליציי, אינדערצייט וואָס זיי גיסן אָן דעם שיטערן, פֿאַרוואַסערטן שלאָף אין די אָרעמעלייטס צעעפֿנטע זיפּער־ציכעלעך, מאַכן זיי בעגנייווע אַ לעכל אין ציכל און ביז מען גייט אַרוים פֿון מאַגאַזין איז שוין אַ העלפֿט אויס־גערונען. סאַנאָוואַגאַנעס אַזעלכע! אָבער די רייכע? סעי, טראַכטן זיי און קראַצן זיך די קעפּ, וואָס טוט זיך דאָ? ערשט דריי אַזייגער און שוין ניטאָ קיין שלאָף? אַ שיינע מייסע! און וואָס וועלן מיר טאָן, טראַכטן זיי, מיט אַזוינע לאַנגע טעג? סיידן זיך אָוועקזעצן אַליין קלייבן און קנאַקן די קאָקאָ־ניס און בויען הייזער. אַ שיין פּאָנעם, טראַכטן זיי, וועלן מיר האָבן פֿאַר אונ־דזער לײַדים און פֿאַר באַטלערס!

וואָס טויג דיר אַ סאַך, סעמיבאַי, אַז אונדזערע האָבן זיך געכאַפּט וואָס די גענעראַלן פֿון שכיינישן לאַנד האָבן דאָ אָפּ־געטאָן — האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ שטורעם אין פּאַרלאַמענט און אין דער פּרעסע. מען האָט טאַקע באַלד דערקלערט קריג

און טאַקע מיט צוויי טעג שפּעטער אַריבערגעוואָרפֿן אַן אַרמיי אַף יענער זייט, מיט דעם באַפֿעל אַז אַזוי גיך ווי די אַרמיי טרעט נאָר אַריבער דעם סוינעס גרענעץ זאָל זי זיך לייגן שלאָפֿן און זיך ניט אויפֿכאַפּן ביז דער לעצטער טראָפּן שלאָף פֿון די ביקסמאַניער וועט ניט זיין פֿאַרניכטעט.

וואָלט דאָס נאָך אויך געווען ניט פֿון די גרעסטע אומגליקן. אָלרייט, וועט מען שלאָפֿן ווייניקער מיט עטלעכע שאָ אַ נאַכט. (ווי זאָגסטו: פֿון ניט-שלאָפֿן איז נאָך קיינער ניט געשטאָרבן!) האָבן אָבער די הערשער פֿון ביקסמאַניע פּעסט באַשלאָסן צו באַווייזן זייער פֿאָלק, אַז אונטער זייער רעזשים שלאָפֿט מען אַ סאַך גרינטלעכער און טיפֿער, ווי אונטער אַלע אַנדערע רעזשימען. האָט זיך צוליב דעם צעפֿלאַקערט אַ שרעקלעכע מילכאָמע. אין אָנהויב האָבן די ביקסמאַניער גענעראַלן באַשלאָסן אָנצושלאָגן די גאַנצע ערד זייערע מיט אַזוינע שפּיציקע פּלעקער, קעדיי מיר די שווערדאַליער זאָלן זיך ניט קענען אַוועקלייגן שלאָפֿן. זיינען אָבער די שווערדאַליער גענעראַלן אויך ניט קיין יאָלדן, האָבן זיי געגעבן אַ באַפֿעל, אַז אַזוי גיך ווי צוויי פֿון די שווערדאַליער סאָלדאַטן גייען נאָר אַריבער דעם גרענעץ, זאָלן זיי ניט „קערן" וואָס סע טוט זיך, נאָר זיי זאָלן זיך אַוועקשטעלן מיט די פּלייצעס איינער צום אַנדערן, צומאַכן די אויגן און שלאָפֿן שטייענדיקערהייט. דאַרפֿסטו שוין זען וואָס דו טוט זיך, סעמיבאָי. ס'איז זייער, ווי מ'זאָגט, דעקאָראַטיוו: אַף דערזעלבער זייט גרענעץ-ליניע, אַשטייגער, ליגן הונדערט טויזנט גרין-באַהיטלטע קעפּ און שנאָרכן צו-אונדז-צעצו, און אַנדערע הונדערט טויזנט גרין-באַהיטלטע קעפּ ליגן און שנאָרכן צו-זיי-צעצו. און סע טוט זיך אַ ביסל!

איך מוז שוין ענדיקן, סעמיבאָי. אין די אַנדערהאַלבן שאָ, וואָס איך בין דאָ געזעסן און געשריבן, זיינען אַרום מיר געפֿאַלן עפּשער צען באָמבעס פֿון די פֿיינטלעכע עראָפּלאַנען. אַ האַלבע שטאָט — וואָס זאָג איך אַ האַלבע שטאָט? — אַ האַלב לאַנד איז שוין כאָרעוו, סיי באַ אונדז, סיי אַף יענער זייט גרענעץ. אָבער די געדונגענע סאָלדאַטן ווייסן ניט פֿון קיין כאָכמעס: מען הייסט זיי שלאָפֿן — שלאָפֿן זיי. . . לויט די לעצטע נייעס אין

אונדזער מאַרגנפּאָסט, הייסט עס, אַז אונדזערע האָבן אויפגעריסן אַ גרויסן שלאָף־מאַגאַזין בײַ די ביקסמאַניער און פון דעם אַרויס־געלאָזטן שלאָף האָבן זיך אַלע טייכן און אַלע שטראָמען אָפּ־געשטעלט, און אַלע קאָקאָ־נים האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט שלאָף אין סאַמע מיטן פון בליען און מ׳קאָן זיי ניט אויפוועקן און סע דראָעט מיט הונגער, און ווער ווייס, צי מיר וועלן וואַסער יאָ האָבן, ווייל די שטיינגעבליבענע טייכן האָבן אָנגעהויבן שימלען, זומפּירן.

איך וויל דיר בלויז שרייבן, אַז אַלקאַסעלצאַס טאַטע, דער דיוק אָוו סמאָל פּאָטייטעס און קאָרנפלייקסעס טאַטע, דער באַראָן פּאָן עפּעסעסן, קעמפן איצט יעדער אין אַ באַזונדערן לאַגער, כאָטש אונטער איין און דערזעלבער פאָן. דער דיוק אָוו סמאָל פּאָטייטעס זאָגט, אַז ער האָט שוין דורכגעמאַכט פלענטי שלאַכטן און אַז ער איז איבערצייגט, זאָגט ער, אַז די גאַנצע וועלט וועט שוין אַזוי אויסשטאַרבן — שלאָפנדיקערהייט, און ערשט דערנאָך, זאָגט ער, וועט הערשן פרידן אַף דער וועלט . . . וואָס דענקסטו וועגן דעם, סעמיבאַי? איך וואָלט דיך געבעטן זאָלסט מיר שרייבן אַן ענטפער, נאָר איך ווייס אַז דו האָסט ניט קיין 140 דאָלאַר מיט סענטן צו שיקן אַ פּאָסטקאַרט. סאָ איצ־נאָיוז!

יעדנפאַלס, זאָגט דער דיוק אָוו סמאָל פּאָטייטעס, האָפט ער, אַז איניינעם מיט אים און מיטן באַראָן פּאָן עפּעסעכן וועט אונטערגיין די גאַנצע וועלט און אומגעגנט. און טאָמער פריער, זאָגט ער, דער מעשוגענער, איז אויך קיין מאַליער ניט. אַבי, מאַכט ער, אונ־טער־גיין.

# דער צעבראָכענער שפּיגל

זיי זיינען געווען צוויי ברידער — צווילינג ברידער, איינער עלטער פונעם אַנדערן בלויז מיט עטלעכע מינוט.

האָבן זיי געיאַרשנט פון זייערע עלטערן — אַ שפּיגל. וואָס פאַר אַ שפּיגל מיינט איר? ניט קיין האַנט-שפּיגעלע און ניט קיין קיילעכדיקן הענג-שפּיגל וואָס מ'זעט היינט הענגען אין אַ טייל הייזער — נאָר אַ שטייענדיקער שפּיגל. אַן אַלטמאָדישער, אַ הויכער, העכער פון אַ מענטשן — איינעם פון יענע זעלטענע, געשליפענע שפּיגלען, וואָס מ'זעט בלויז אין די קעניגלעכע הויפן און אין די שטיינערנע שלאָס-פּאַלאַצן פון שפּאַניע, אָדער פראַנקרייך.

פונעם פּאַלאַץ, וואָס די עלטערן האָבן איבערגעלאָזט נאָכן אָפּשטראַבן, זיינען ביסלעכווייז אויספאַרקויפט געוואָרן די טייערע שטיקער מעבל, די אָריגינעלע קונסט-בילדער, די געפּעסן פון פּאָרצעלאַן, די זעלטענע געשטיקערייען, פאָרהאַנגען, טעפּיכער, עלפאַנביינענע קונסט-זאַכן. ווייל די ברידער, וועלכע האָבן, אַכוץ אַ גרוים פאַרמעגנס, אויך געקראָגן בעירושע פון זייערע עלטערן שלעכט בלוט („בלאָ בלוט", פלעגן דאָס די על-טערן רופן און זיך נאָך גרויסן דערמיט, וואָס דאָס אַליין איז שוין גענוג צו באַווייזן, וואָס פאַר אַ גרויסע קאָפּ-מענטשן זיי זיינען דאָס געווען, ניט צו פאַרשטיין אַז געזונט מענטשלעך בלוט דאַרף זיין רויט און ניט בלאָ!). האקלאל, די צוויי צווילינג ברידער, וועלכע האָבן געהייסן מיט די נעמען אַניק און מאַניק, האָבן פאַרשיקערט, פאַרהוליעט און פאַרטאַכלעט די גאַנצע נאַכלע. — זיי האָבן אויפגעגעסן די גאָלדענע בעכערלעך מיט די זילבערנע לעפל-גאָפּל און זיינען דערנאָך אַריבער אויף אַ דיעטע פון פּערל און עלפאַנטביין: זיי פלעגן רעגלמעסיק

יעדן טאָג אויפעסן דריי גרויסע, גרינלעך־גלימצערדיקע פּערל און פאַרבייסן מיט אַ כינעזיש געטל פון ראָזן עלפאַנטביין. דאָס הייסט: געגעסן האָבן זיי ניט די פּערל מיטן עלפאַנטביין, נאָר די שפּייזן און געטראַנקען וואָס זיי האָבן איינגעהאַנדלט פאַר די פאַרקויפטע פּערל, און אָנגעטאָן זיינען זיי געגאַנגען אין קליידער פון האָליץ — דאָס הייסט: אין הויזן, וועסטן, רעק, מאַנטלען, וואָס זיי האָבן זיך פאַרשאַפט פאַרן געלט וואָס זיי האָבן געקראָגן פון די לעצטע שטיקער קונסט־מעבל וואָס זיי האָבן פאַרקויפט.

געבליבן איז זיי בלויז דער פּרעכטיקער, זעלטענער שפּיגל — דעם, האָבן זיי געלאָזט אָפן סאַמע לעצט. ערשטנס, ווייל ער איז געווען זייער אַן אויסנאַמישער און זייער אַ קאָסטבאַרער, און זיי האָבן זיך ניט געוואָלט שיידן מיט אים ביז זיי וועלן ניט געפינען דעם ריכטיקן קוינע. צווייטנס, זיינען די צוויי צווילינג־ברידער אַניק און מאַניק געווען זייער איטל, די זעלבסט־פאַרליבטע פאַוועס וואָס זיי זיינען געווען האָבן זיי האָלד געהאַט שטיין מינוטן לאַנג פאַרן שפּיגל, מאַכן גרימאַסן, זיך כיינדלען פאַר זיך אַליין, זיך אַרויסשטעלן אַ צונג, מאַכן אַלערליי נאַרישע מינאַיעס . . .

פּאַסירט אַזוי: אַניק, דער אינגערער פונעם צווילינג (מיט 5 מינוט אינגער!), האָט זיך ווי אַ בלייענער פויגל אַ ריר געטאָן מיטן שטעקן מיט זיינעם און קנאַק, טערעבאַך! דער שפּיגל ליגט שוין צעבראָכן אַף שטיק־שטיקלעך. ס'איז געבליבן אין די ווינקלען פונעם ראָם שפּיציקע, דריי־עקיקע גלאָז־טשערפּלעך, וועלכע זיינען אויך געווען צעשפּליטערט — אַזוי ווי אַ צע־קנייטשט וואַסער אַף אַ טייך.

אַז אַניק האָט געזען וואָס ער האָט דאָ אָנגעאַרבעט, איז ער געוואָרן רויט און בלאַס און ס'האַרץ האָט אים גענומען זעצן ווי אַ זייגער. ער האָט געמיינט, אַז ס'איז אים געבליבן נאָר איין זאַך צו טאָן: אַראָפּכאַפּן פון דער וואַנט אַ דאָלעך, וואָס האָט געשטעקט אין דער קרום אין אַ כינעזיש שיידל פון עלפאַנטביין, און זיך אַריינשטעכן דעם סטילעט אין האַרץ אַריין.

— אַט־אַט

— אַט־אַט

נאָר גיין. ער האָט זיך איבערגעלייגט די זאַך. ס'איז אים איינגעפאַלן אַ גליקלעכער געדאַנק: ער'ט זיך אַליין אַריינשטעלן אין ראַם פונעם שפּיגל און אַז דער עלטערער ברודער — מאַניק — וועט אַהיימקומען, וועט ער, אַניק, אים אַליין אָפּשפּיגלען — דאָס הייסט: אַלץ וואָס יענער וועט טאָן, וועט ער נאָכטאָן, אַזוי אַז דער ברודער וועט זיך גאָרניט כאַפּן, אַז אין שפּיגל פעלט דאָס גלאָז.

אַ שאַ, צוויי, דריי. אַ קלונג: טי־טיל־טיל, מיטן שפּריצנדיקן, אַלטן גלעקל. דער עלטערער ברודער מאַניק, אָנגעטאָן, ווי געוויינטלעך, מיטן שוואַרצן מאַנטל, מיטן שטעקן אין דער האַנט, איז אַריין אין זאַל פונעם פּאַלאַץ, ווי טאָמעד אַ ביסל אָנגעשיקערט. ס'איז אים געווען גוט אויפן האַרץ. ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם שטעקן אין אַ ווינקל, אויפגעהאַנגען דעם הוט אויפן געשטעל און אַראָפּציִענדיק פון די הענט צומערשטן איין ווייסן האַנטשוך, דערנאָך דעם אַנדערן, האָט ער זיך גענומען שפּיגלען, נאָך אַלץ אַראָפּציִענדיק דעם אַנדערן האַנטשוך.

דער אינגערער ברודער אַניק האָט נאָכגעטאָן גענוי דאָס זעלבע וואָס יענער: פּאַוואָלי אַראָפּגעצויגן פון דער האַנט דעם אַנדערן האַנטשוך. אַז מאַניק האָט געעפּנט ס'מויל, זיך געגעבן אַ קראַץ אין קאָפּ און גענומען געשמאַק און הויך גענעצן, האָט אַניק אויך געטאָן דאָס זעלבע. אַז מאַניק האָט זיך אַרומגעטאַפּט ס'לאַנגע, פּערדישע פּנים, צי ער דאַרף זיך שוין אָפּגאָלן, האָט אַניק דורכגעמאַכט די זעלבע זשעסטן. און אַז מאַניק האָט גענומען זיך זעצן פּאַמעלעך אויף די קניעס, אַראָפּ און אַרויף, מאַכנדיק זיינע געוויינטלעכע עקסערסייזעס פאַרן שלאָפנגיין, האָט אַניק נאָכגעטאָן דאָס זעלבע — אַקוראַט טאַקע ווי ער וואָלט געווען ניט קיין מענטש, נאָר אַ שפּיגל.

דאָס איז אַזוי אָנגעגאַנגען אַ גוטע צען מינוט אויפן זייגער. דורך דער צייט, האָט מאַניק זיך אויסגעטאָן נאַקעט ביז צו די

הויזן און זיך ווידער געשפּיגלט: די איינגעפאַלענע ברוסט, די בלוט־אָרעמע אָרעמס פון וועלכע די הענט מיט די פינגער זיינען נאָכגעהאַנגען, ווי שמאַטעס. אַניקן איז געווען ניט שווער אים אָפּצושפּיגלען, ווייל ער איז אין אַלע זאַכן געווען ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעך צום ברודער.

אַלעם איז געגאַנגען אויסגעצייכנט און אַניק האָט זיך שוין געפרייט מיט זיין דערפאָלג, ערשט — נאַ! דער צעבאַלעוועטער מאַניק איז זיך, ווי טאָמער, היינטיקס מאָל שטאַרק געפעלן געוואָרן אין שפּיגל, און אַזוי ווי ער איז אַ ביסל שיקער און גוט אויפגעלייגט, האָט ער באַשלאָסן זיך אַליין גוט־ברודעריש אַ שנעל־טאָן אין נאָז. האָט אים אַניק שוין געמוזט צוריקשנעלן. האָט זיך מאַניק פאַרכידעשט: ביז איצט האָט נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט, אַז זיין שאָטן אין שפּיגל זאָל — צוריק־שנעלן אין דער נאָז אַריין. האָט אים דער אייסעק שטאַרק פאַרדראָסן, האָט ער אָפּגעטראָטן פונעם שפּיגל אַ צוויי טריט, געוואָרנט מיט אַ פינגער און געזאָגט: „העי, משוגענער מאַניק (מיינענדיק זיך אַליין), זאָלסט אויפהערן מיט דיינע שטיק, אַז ניט גיב איך דיר אַ כמאָל!“ ער האָט טאַקע באַלד דערלאַנגט אַ פּאָר אַריין מיט אַ פויסט אַניקן אין אויג און, פאַרשטייט זיך, אַז אַניק האָט געמוזט אָפּענטפערן.

איז שוין מאַניק געוואָרן גאָר שטאַרק אין קאַס, איז צו־געלאָפן צום טיש, זיך אָנגעגאָסן אַ גרויס גלאָז מיט וויסקי, עס אויסגעזופּט, זיך געוואָלט פאַרקאַטשען די אַרבל. איז ער אָבער געווען אַ האַלב־אויסגעטאָנענער, אָן אַ העמד, איז ער געשטאַנען אַזוי מיט צעשויבערטע, פייכטע האָר און מיט אַ צעסלונעט מויל, געקוקט פאַראַקשנט און קינדעריש אַפן דיל און געטראַכט וואָס ער דאַרף טאָן. דערנאָך האָט ער פּלוצים פאַרקאַטשעט די הויזן, געכאַפּט אין דער האַנט אַריין אַ פלאַש — פון דער קופּע ליידיקע פלעשער, וואָס זיינען געשטאַנען לעבן שפּיגל. — אַניק האָט אויך געטאָן דאָס זעלבע, און האַק! קנאַק! בוכץ! ביידע האָבן זיך גענומען שלאָגן איינס ס'אַנדערע איבער די קעפּ, ביז

זיי זיינען אנידערגעפאלן שטארק צעבלוטיקטע. מאניק, מיט א פלאַש אין האַנט, האָט נאָך אַלץ געשעפּטשעט: „דו פּאַס־קודנער איך — דו!... מיט פלעשער וועסטו זיך גאָר שלאָגן, דו שיקערעץ! דו לײדיקגייער, דו גאָרניט אײנער!...“

***

אַז אַ געוויסער אָרעמער שאָכן זײערער איז אַרײַנגעקומען אין דער פרי פרעגן וויפיל דער זייגער האַלט (זיי פלעגן אים שטענדיק זאָגן — אומזיסט, בלויז פאַר אויסרײַניקן די שטאַל אײנמאָל אַ וואָך און אויספּוצן די צוויי פערד), האָט ער געטראָפן בײדע ברידער ליגן אױף דר׳ערד פאַרקילטע, אין אַ טײַך פון צעבראָכענע שפּיגלגלאָז. בײדע קימאַט אַקוראַט אין דער זעלביקער פּאָזע, מיט פלעשער אין די הענט. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָ האָט אַ מענטש זיך געשלאָגן מיט זײַן שאָטן און בײדע האָבן געזיגט...



# ברידער

מיר זיינען אַלע ברידער אין דער נויט,
מיר קומען, גייען דורך דער זעלבער טיר ;
און נעמט מען צו באַ אונדז דאָס שטיקל ברויט,
איז היינט מיר, מאָרגן — דיר.

קיין לאַנד איז אונדז ניט ווייט, ניט פרעמד.
קיין פאָלק, קיין פאַרב, קיין מענטשן-שטריך.
און לאָזט דער רויבער דיך אין לעצטן העמד,
איז היינט דו, מאָרגן — איך.

מיר זיינען אַלע אין דער זעלבער שלאַכט,
מיר קעמפן אַלע קעגן זעלבן טויט ;
עס האָט פאַר ברידער אונדז די נויט געמאַכט,
עס וועט די ברידערשאַפט אָפּשאַפן די נויט.

# אונדזערע העלדן

(פון דער פּאָעמע „אַ רייזע צום נאָרדפּאָל")

## 1. טשעליוסקין.

איינער — יעדן
יעדן — אַלע,
מענטש צו מענטש געבונדן,
ווען דער טאָג זיין
באַק פון סאַמעט,
ניט קיין ליפּ מיט וואונדן.

ווער מיט גייסט,
און ווער מיט קערפּער,
אַלע גלייך און נויטיק;
איינער טראַכט אויס
שיינע לידער,
איינער באַקט אויס ברויטן.

איינער כאַלעמט אויס
אַ טורעם,
און דער צווייטער — מ א כ ט אים;
קאָוועד צו דעם
פּלאַן אויספירער,
קאָוועד צום — פאַרטראַכטער.

ווער עס שפּייזט דעם
גייסט מיט שיינקייט,
ווער דעם גוף — מיט עסן,

און איעדערער
אין זיין פאך קאן
ווערן א פראפעסאר.

ניט קיין כילעק
וואסער הויט-פארב —
ווייסע אדער שווארצע,
אלע מענטשן
אלע מענטשן
האבן רויטע הערצער.

איז מיט רידל,
איז מיט לאמע,
איז מיט פויסט אין פאנעם,
אזא יאג-טאן,
א באגראב-טאן
אלענקע טאליאנים.

און פארשיטן
און פארשפייען
און די ערד פארגלייכן,
ווי א בלוטפלעק,
ווי א שאנדע,
ווי א קאיען-צייכן.

ניט אזוי-זיך
אין פאנטאזיעס,
גלאט אזוי געפליוסקעט,
נאר ווי העלדן,
נאר ווי יאטן
פון דער שיף „טשעליוסקין".

איר געדענקט
ווי העלדנמוטיק
באַלשעוויקעס־פּליער
האָבן שאַ־נאָך־שאַ
געהויערט
איבער גלאָץ פון קריעס ?

ווי אַ מוטער־אָדלער
פלאַטערט
איבער קליינוואַרג אירן,
וועלכע פון דער
נעסט געפאַלן
אַף דער ערד פאַרפרירן. —

אַזוי האָבן
עראָפּלאַנען
איבער קעפּ געפּישטשעט,
און דער שאָטן
פון אַן אומרו
האָט אַף שנייו געבלישטשעט.

און געזשומעט
מיט פאַרזאָרגטקייט
און געברומט פאַראַנגסטיקט —
עפּעס אַזאַ רירענדס,
עפּעס אַזאַ לאַנגסטיקס !

און דאָס הייסט
אַף לופטיק לאָשן
פון די עראָפּלאַנען :
האַלט זיך, האַלט זיך,
ביז מיר אָדלערס
ראַטעווען אייך אַלע !

איר געדענקט דעם
גרויסן עפּאָס,
רויטע עפּאָפּייע?
ס׳לאָזט אַ שטאָלענער אָדלער
זיך אַראָפּ
אױף שנייען.

און ער נעמט זיי
עטלעכוויזע,
פרויען, קינדער — פריער,
און פאַרשווינדעט
און קומט ווידער
זינגענדיק צו פליען.

און ס׳האָט קינד
און קייט מיט הערצער
פרייד פון דאַנק געפּאַכעט,
מיט דעם וואונדער
פון דעם פּראָסטן
וואָכיקן ניצאָכן.

איר האָט קינדער
דאָך געלעזן
וועגן דעם? — איי האָופּ סאָ —
פּראָסט ווי וואָרהייט,
שיין ווי דיכטונג,
ווי אַ ליד פאָל ראָבסאָנס.

און ניט בלויז
אין ווייטן „יוראָפּ״,
ווייט אין „סאָוועט־ראָשע״,
דאָס קאָן טרעפן
אין די בראָנקס אויך,
ברייטאָן אָדער פלאָשינג.

## 2. דזשימי קאָלינס.

דאָס קאָן טרעפן
אין די בראָנקס אויך,
ברייטאָן, אָדער פלאָשינג,
און ניט בלויז
אין ווייטן „יוראָפ“,
ווייט אין „סאָוויעט־ראָשע“.

ס׳האָט פאַסירט שוין
אַזאַ פּעכל
פון קאָלירטע באָלעמס.
אונדזער פליער,
אונדזער גרויסער,
אונדזער דזשימי קאָלינס !

גרעסטער איים
צווישן אייסעס,
פלעגט ער אויספּרובירן —
צי אַן עראָפּלאַן
איז פּייאיק
לופט־לייטיש זיך פירן...

וואו אַ נייער
פּעטענט־איינפאַל
אויפצוהאַלטן באַלאַנס,
פלעגט מען געבן
דעמאָנסטרירן
אונדזער דזשימי קאָלינס !

אוי אַ דזשימי,
אוי אַ בראַווער,
ווייסט ניט פון קיין שרעקן !

קאָנסט אים האַלבע
נאַכט אין פענצטער
אָנקלאַפּן און וועקן:

„פון די נייע
סאָרטן מאַטאָרס,
צוועלף־פערדן־קראַפּטיק,
ניט געפּרואווט נאָך,
קאָן געמאָלט זיין,
אַז ס'איז פּעלערהאַפּטיק.

ווילסטו, דזשימי,
נעמען טשענסעס?
דזשים, דו פייערפויגל!
הם, מיר ווייסן,
אַז אַף מאַרקסן
האָסטו דיך דערצויגן, —

איז דער קאָפּ
באַ דיר געפלויגן
העכער אַלע כמאַרעס,
ניט געוואַרט אַף
קיין אַפּלאָז,
ניט געוואַרט אַף וואַרעס.

סיי, מיר האָבן
דאָ דיין נאָמבער,
„ברעכער און צעשטערער",
אַזאַ שוויטע,
אַזאַ דאַמבעל,
אַזאַ אומדערהערטער!

ווען דו, דזשימי,
וואָלסט נאָר וועלן

זיין פון יענע באַיעס,
וואָלסטו זיין
אַ צווייטער לינדבערג —
פּאָפּולער און גרוי־עס.

מיט מעדאַלן
און טיטולן,
בענדעלעך און קרעלן,
וואָלסט געלאָנטשט מיט
סענאַטאָרן
און מיט קאַלאָנעלן.

וואָלסט געוועזן . . . נאַר, מאַ,
אַ דאָמבעל —
„וואָס האָט די יוז אָף טאָקין?"
אַז פאַרשטייסט ניט,
אַז צו זיין בלויז
— בראַוו און אומדערשראָקן —

איז נאָך ווייניק,
איז נאָך ווינציק
פאַר אַ קאַריערע.
וואָלסטו גיין אין
אונדזער גאָלדשפּאַן,
וואָלסטו האָבן — מ ע ר ע ר.

וואָלסטו מיט איין
שפּרייט פון פליגל
העכסטן ציל דערשטרעבן,
און ניט דאַרפן
צענמאָל טעגלעך
מאַפקיר זיין־דאָס לעבן."

אויסגעהערט דאָס,
גיט זיך דזשימי
אַזאַ שטילן שמייכל:
„כ׳האָב אַף פאַלשן
אָפּמעסט — קיינמאָל,
קיינמאָל ניט געשטרויכלט.

בין געוואוינט צו
שלעכטע גאַזן
און געקראַק פון ראָבן. —
וואו איז העלמעט?
וואו איז גאַנטלעטס?
גיט אַהער — צו פּראָבע!

נעמען טשענסעס
פאַר דער מענטשהייט,
פאַר דער מענטשהייט — מוז מען!
ניט מיט ווערטער,
ניט מיט פראַזן,
מיט געדרייטע פּיזמענס.

ניט נאָר סענטן,
ניט נאָר דאָלערס,
נאָר אַליין זיך געבן,
אין דעם פייער
פון דער פּראָבע
איינשטעלן דאָס לעבן!

פאַר די גרויע,
די דערדריקטע
גייסטער פון די טאָלן —
וועל איך וואָגן
זיין דער פליגל" —
ענטפערט דזשימי קאָלינס.

און געוואַגט האָט,
ליבע קינדער,
ריקזיכטלאָז דער פליער,
און דער פליגל
איז געבראָכן
און ער פליט ניט מער. . .

נאָר זיין נאָמען
פליט אַלץ העכער,
פלאַטערט-אויף און פלאַטערט :
איבער אַלע
שוואַרצע וואָלקנס,
רויטער אַוויאַטער !

אוי, איר וועט נאָך
קינדער היגע
(אין די נויטנפאַלן)
פליען הויך,
פליען  ה ע כ ע ר,
ווי דער כאַוועך קאָלינס !

# פאַרוואָס מיר האָבן ליב אַמעריקע

מיר האָבן ליב אַמעריקע, ווייל אַמעריקע איז אַ גרויס און אַ רייך לאַנד, געבענטשט פון דער נאַטור מיט אַלערליי קלימאַטן, מיט וואונדערלעכע בערג און טאָלן, פעלדער און וועלדער, מינעראַלן און אוילן, מיט די ראָקים און אַפּאַלייטשיענס, יאָסעמיטי וועלי, יעלאָוסטאָן פּאַרקס, שטאָלצע, ריזיקע טייכן און וואַסערפאַלן, מיט די פרוכטבאַרסטע ערד-שטרעקעס, מיט די בעסטע פרוכטן, געזינטסטע שפייזן, געשמאַקסטע וואַסערן.

מיר האָבן ליב אַמעריקע, ווייל אַמעריקע איז געווען דאָס וויגעלע פון פרייהייט, פון רעכט פאַר אונטערדריקטע פעלקער, פון קאַמפן קעגן קעניג און קעגן קרוין, קעגן רייכע פּלאַנטיישאָן-באַזיצערס, פאַר דער באַפרייאונג פון די נעגערס.

מיר האָבן ליב אַמעריקע, ווייל אַמעריקע האָט אַרויסגעגעבן אַזוינע וויכטיקע קעמפער פאַר מענטשן-רעכט, באַפרייער און דענקער, קינסטלער און דערפינדער, ווי וואַשינגטאָן, דזשעפער-סאָן, אייב לינקאָלן, דזשאָן בראַון, העריעט בּיטשער סטאָוו, טהאָמאַס פּעין, וואָלט וויטמאַן, אינגערסאָל, יודזשין וו. דעבס, דזשאָו היל, אוירל ברואַדער, עדיסאָן, שטיינמעץ, אַנדזשעלאָ הערנדאָן, דזשימי קאָלינס, ראָבערט מיינאָר, מאַרק טווען, דזשאָן ריד, און אַנדערע גרויסע, פרייהייט-ליבנדע מענטשן.

מיר האָבן ליב אַמעריקע, ווייל עס איז היינט-צו-טאָג מער אַנטוויקלט אין טעכניק, פון אַלע אַנדערע לענדער.

מיר האָבן ליב אַמעריקע, ווייל עס איז אונדזערס. מיר, די אַרבעטער און פאַרמערס, האָבן עס אויפגעבויט מיט אונדזער מאַרך און שווייס — געבויעט און געבויעט אַלע רייכטימער און אַליין געבליבן אָרעם, אָן שום פאַרמעגן.

מיר, די אַרבעטער, פאַרמער, פּראָפעסיאָנאַלן און קליינפאַר-מעגלעכע, האָבן ליב אַמעריקע, ווייל אַמעריקע איז אונדזער קינד,

ווייל מיר האָבן עס געבוירן, מיר האָבן געבוירן די אַלע נייעסטע מאַשינען, די אַלע לעצטע דערפינדונגען, די אַלע אינדוסטריעלע דערגרייכונגען, די אַלע מיטלען צו באַרייכערן די ערד און אַרויס־צוקריגן באַ איר וואָס מער, וואָס מער.

באַ די רייכע איז אַמעריקע בלויז אַן אַדאַפּטירט טעכטערל, אָדער בלויז אַ ליאַלקע אַף צו שפּילן זיך דערמיט. זיי האָט עס קיין בלוט און שווייס ניט געקאָסט.

מיר וואָלטן נאָך מער ליב געהאַט (און וועלן טאַקע נאָך מער ליב האָבן) אַמעריקע, ווען עס וועט זיין אין אונדזערע הענט. ווען מיר — די טאַטעס און מאַמעס פונעם לאַנד, וועלן עס קענען דערציען, ווי מיר ווילן, אינעם עמעסן גייסט פון פרייהייט און גלייכהייט און ס'רעכט אַפן נאָכפאָלג פון גליק פאַר יעדן איינציקן מענטשן, וועלכער איז אַ מיט־פּראָדוצירער פון די גייסטיקע און מאַטעריעלע אוצרעס פון אונדזער גרויס און רייך און הערלעך לאַנד.

מיר האָבן ליב אַמעריקע, ווי איינס פון די שענסטע בלומען אין צוקונפטיקן בוקעט פון אַ פאַראייניקטער וועלט פון עמעסער דעמאָקראַטיע.

מיר האָבן ליב דאָס אַמעריקע פון מאָרגן, און מיר איילן זיך וואָס שנעלער צו קומען אַהינצו, מיט גרויסע רייכע מאַטאָנעס אין אונדזערע הענט.

לאַנד פון גרויסקייט,
לאַנד פון רייכקייט,
לאַנד — דו, אונדזער לאַנד!
זאָל די נייע פאָן
פון פרייהייט
רוישן אין דיין האַנט!

ווידער זאָל דיין פאַקל ברענען
ליכטיק ווי אַ רויז,
אַנקל סעם אַ קוראַזשירטער —
ס'בערדעלע פאַרויס!

הונדערט־זעקס־און־פופציק

# פאַרטייטשונגען פון ענגלישע ווערטער

## א

אַדהיסיוו טעיפּ — אַ מין קלעפּיקער פּלאַסטער, מיט וועלכן מען באַ־
דעקט אַ וואונד.
אָווערהאָלן — איבערניצעווען.
אָטאָמאַט — אַ רעסטאָראַן, וואו דער גאַסט סערווירט זיך אַליין.
איי דאָנט אָנדערסטענד — כ'פאַרשטיי ניט.
איי האָופּ סאָ — איך האָף, אַז יאָ.
איים גאָנע טעל איט טו עווריבאַדי — איכ'ל עס יעדן דערציילן.
אייס — אויסגעצייכנטער פּליער.
אינדזשינס — מאָטאָרן, מאַשינען.
איצ נאָ יוז — ס'טויג ניט, ס'איז אַרויסגעוואָרפן די אַרבעט.
אַלבעטשע — איך גיי מיט דיר אין אַ געוועט.
אַלקאַ סעלצער — אַ מין סאָדע וואַסער, דאַרף זיין אַ רעפועה קעגן גאַז
אין מאָגן.
אַסעמבלימאַן — דעפּוטאַט.
אָרענדזש דזשוס — אָראַנזשן־זאַפט.

## ב

באָטלערס — הויז־באַדינער.
בוטשער — קאַצעוו.
ביזי — פאַרנומען ; די צייט ווען מען אַרבעט.
בייבי־קערידזש — קינדער־וועגעלע.
בעדרום — שלאָפצימער.
בענד מיוזיק — אָרקעסטער.
בעק — פונהינטן.
ברייטאָן, בראָנקס, פלאָשינג — שטאָט־טיילן פון ניו יאָרק.

## ג

גאַיד — וועגווייזער.
גאָנטלעטס — הענטשקעס פון אַ פליער אָדער שאָפער.
גענגסטער — געדונגענע שלעגער.
געפריימט — געמאַכט אַ בילבול.

## ד

דאָבל־דעקערס — טאָפּלטע, צוויי־שטאָקיקע.
דאָזן — טוץ.
דאָמבעל — נאַרעלע.
דאָנט באַדער מי — טשעפּע מיך ניט.
דהער יו אַר — אָט האָסטו דיר.
זווירביס — האַרטע קאַפּעליושן.
דזשענטס — דזשענטלמענער, הערן.
דיוק — פירשט.

## ה

האַו מאַטש — וויפיל?
הי מייקס די דאָו, בעט העזנט גאָט די דאָו — ער קנעט דאָס טייג, אָבער ער האָט ניט קיין געלט (וואָרט־שפּיל: „דאָו״ מיינט טייג און געלט).
הי מאַסט בי עי ריטש מען — ער קער זיין אַ רייכער.
היטש — אַ „רייזע״ (ווען יענער נעמט דיך אומזיסט אַף זיין אַטאָ).
הייוועיס — שאָסייען.
העל — געהענעם.
הענדקערטשיף — נאָזטיכל.

## וו

ווהאַטס די יוז אָף טאָקין — וואָס טויגן די רייד?
ווהיי — פאַרוואָס?
ווהיי נאַט — פאַרוואָס ניט?

## ט

טוילעט — קלאָזעט.
טעל מי ווהיי — זאָגט מיר פאַרוואָס.
טעפּן דעם ווייער — זיך אונטערהערן.
טראָבל — צאָרעס.
טשעסטנאָטס — קאַשטאַנעס.

## י

יו מין — דו מיינסט, דו ווילסט.
יו מין מי — מיך מיינט איר?
יונייטעד פראָנט — פאַריייניקטער פראָנט.
יוראָפּ — אייראָפּע.

## ל

לאַליפּאַפּ — אַ צוקערקע אָנגעשטעקט אַף אַ שטעקל.
ליידיס — פרויען.
לייזי — פויל.
ליינמאַן — דער, וואָס ציט אויף שטריק אויפצוהענגען וועש.
ליסן — הער זיך צו.
ליסן טו מי — הער מיך אוים.
לעטער־קעריער — בריווטרעגער.
לעמטשאָפּס — שעפּסן־ריפּן.
לעסט וויק — לעצטע וואָך.

## מ

מיינד יו — שטעל זיך פאָר.
מאַינוס — מינעס, שאַכטעס.

## נ

נאָ בלאָף — קיין ליגן.
נאָמבער — נומער (מיר האָבן דיין נאָמבער — מיר קענען דיך).
נעמען טשענסעס — ריזיקירן.
נעקסט — דער צווייטער אין ריי.

## ס

סאָוועט ראָשע — סאָוועטן־פאַרבאַנד.
סאָם דזשאָמפּ — אָ־וואַ, סאַראַ שפּרונג!
סאָנאַוואַגאָנעס — קערלען, אויסוואורפן.
סוירוויסן — באַדינען.
סוויט פּאָטייטעס — זיסע קאַרטאָפל (אַ מין קאַרטאָפל).
סטאָר — קראָם.
סיי — הער זיך צו; זאָג נאָר.
סאָ יו סי — זעט איר דאָך אַליין.
סלאָמען — באַזוכן די שמוציקע אָרעמע שטאָט־טײלן.
סמאָל פּאָטייטעס — פון ווייניק ווערט, האָט ניט קיין באַטרעף (בוכשטעבלעך — קליינע קאַרטאָפל).
סנייפּן — שיסן פון באַהעלטעניש.
סעלף־מייד־מען — איינער וואָס האָט זיך מיט די אייגענע קויכעס אַרויפגעאַרבעט.
ספּון — לעפל.
ספּיטש — רעדע.
סקאָנק — טכויר.
סקעב — סטרייקברעכער.

## ע

עד — אַנאָנס.
עקסערסייזעס — איבונגען.
עקסקיוזן — אַנטשולדיקן.

## פּ

פּאַדי — סימכע.
פּאַיס — פרוכט־קוכנס.
פּאַסטראָמי — אויפשניט. אַ מין געריכערט און געווירצט פלייש.
פּייפּס — רערן.
פּלאָמבער — אַן אַרבעטער וואָס פירט איין גאַז־ און וואַסער־רערן.
פּלענטי — גענוג, איבערגענוג.
פּעטענט — פּאַטענט.
פּריזאָן — טורמע.

## פֿ

פֿאַרטשענדזשעט — פֿאַרביטן.
פֿלאָר — שטאָק.
פֿעקטאָריס — פֿאַבריקן.

## ק

קאָמערע — פאָטאָגראַפישער אַפּאַראַט.
קאָנטרי — לאַנד, דאַטשע.
קאָרנער — ראָג.
קאָרנפלייקס — אַ קאָרן־קאַשע.
קייקס — לעקעכער.
קריסטמעס — ווייַנאַכט.
קרענבערי סאָס — אַ מין רויטע יאַגעדע קאָמפּאָט.

## ר

ריטייל — לעאַכאָדים.
ריפּילן — ווידער אָנפילן.
רעסיווער — איינער וועמען דאָס געריכט דערלויבט צו פאַרוואַלטן ציייטווייליק מיט אַ באַנקראָטירט געשעפט.

# אינהאַלט